

## די שול איז שוין אָפֿן

די שול איז שוין אָפֿן,
דער לערער איז גרייט —
אין שול אַריין לערנען
גייען קינדער מיט פֿרייד.

אַ בוך און אַ העפֿט —
און לייכט איז דער שפּאַן.
אין שול וואָס צו לערנען —
אַ סך איז פֿאַראַן.

לייענען און שרייבן,
נייע העפֿטן און ביכער,
איז קינדער געגאַנגען
אין שול אַריין גיכער.

### אין שול




7 6 5 4 3 2 1

פּאַס צו דעם נאָמען פֿון דער זאַך צו דעם נומער
און שרייב זיי אַריין אין דיין העפֿט:

טאָוול. בלייפֿעדער. בוך. קרייד. העפֿט. פֿען. מעקער.

# און וואו בין איך?

## א

יעדן אין דער פרי האָט מנשה אָנגעהויבן זוכן זיינע קליידער. ער האָט קיין מאָל ניט געדענקט, וואו ער האָט זיי נעכטן אַוועקגעלייגט. האָט זיי אים די מאַמע געפונען.

נאָך דעם ווי ער האָט זיך אָנגעטאָן, האָט ער אָנגעהויבן זוכן זיינע ביכער און העפטן. ער האָט געזוכט און געזוכט און ניט געפונען.

— אוי, וויי! — האָט מנשה געוויינט און געשריען — ווער האָט גענומען מיינע ביכער? ווער האָט גענומען מיינע העפטן?

— פאַרשטאָפּטער קאָפּ! — האָט אים זיין שוועסטער געזאָגט — דו האָסט זיי דאָך אַליין אויפן פענצטער אַוועקגעלייגט.

זוכנדיק און וויינענדיק האָט מנשה דערוויילי פאַרשפּעטיקט אין שול, און דער לערער האָט זיך אויף אים געבייזערט.

## ב

איין מאָל האָט זיך מנשה דערטראַכט וואָס צו טאָן, ער זאָל ניט פאַרשפּעטיקן. ער האָט גענומען אַ שטיקל פּאַפּיר און האָט פאַרשריבן:

„מיינע קליידער זיינען אויפן שטול. די שיך און די זאָקן — אונטערן שטול. די העפטן און ביכער — אויפן טיש, און איך בין אין בעט.״

און דאָס צעטל האָט ער אַוועקגעלייגט אונטערן קישן.



ווען ער האָט זיך אויף מאָרגן אויפגעכאַפּט, איז ער שנעל אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, האָט אַרויסגענומען דאָס צעטל און גענומען קוקן, צי אַלץ איז אויפן אָרט.

די קליידער אויפן שטול — פאַראַן.

די שיך און די זאָקן אונטערן שטול — פאַראַן.

די העפטן און ביכער אויפן טיש — פאַראַן.

און איך אין בעט?

מנשה האָט אויפגעהויבן די קאָלדרע, געטאַפּט, געזוכט און קיינעם ניט געפונען.

ער איז געשטאַנען פאַרוואונדערט און געפרעגט:

— און וואו בין איך?

## וואָס מיינען די ווערטער?

קאָלדרע — blanket

קליידער — clothes

געדענקען — remember

## איך טו אָן



| 1 | 2 | 3 | 4 | 5 | 6 | 7 | 8 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | | | | | | |

**פּאַס צו דעם נאָמען פון דער זאַך צו דעם נומער און שרייב זיי אַריין אין דיין העפט:**

מאַנטל. קאַלאָשן. הויזן. העמד. שיך. היטל. קליידל. זאָקן.

## שרייב אַריין

| טש | זש | דזש |
|---|---|---|

יאַנקל האָט געכאַפּט אַ —— אַבע.

יאָסל שפּילט מיט יאַנקלען אין —— עקערס.

דער טאַטע עסט ווע —— ערע.

מיין ברודערס נאָמען איז ——עק.

מיין שוועסטער האָט זיך דערשראָקן און געגעבן אַ קוויי ——.

מיין חברס נאָמען איז —— אָן.

# האַרבסט

עס איז דער האַרבסט געקומען,
עס וועלקן בוים און בלום.
געלע בלעטער, זע איך,
וואַלגערן זיך אום.

עס קומט אַ ווינט, אַ קאַלטער,
פייפט אַ לידל צו,
און די געלע בלעטער
האָבן ניט קיין רו.

## ריינקייט איז געזונט

וואַש זיך דאָס
וועסטו זיין שיין.
וואַש זיך די ,
וועסטו זיין ריין.

## שרייב איבער אין העפט.

איך וואַש זיך דאָס און די מיט .
איך וויש זיך אָפּ מיט אַ און פאַרקעם די האָר מיט
אַ
איך רייניק זיך מיינע ציין מיט אַ

# דריי ייִנגעלעך, וואָס האָבן ניט געקענט לייענען

## א

דריי ייִנגעלעך זיצן אין גאַס אויף דער זון און דערציילן זיך מעשהלעך. קומט צו אַ פּערט ייִנגל מיט אַ גרויסן בײַטל מיט צוקערקעס און פרעגט:

— וואָס טוט איר, ייִנגלעך?

— מיר דערציילן זיך מעשהלעך — ענטפערן זיי.

צעלאַכט ער זיך:

— נאַראָנימלעך, דאַרטן גיט מען אומזיסט קענדי און איר זיצט גאָר דאָ און דערציילט זיך מעשהלעך.

טוען זיך אַלע דריי אַ הייב אויף:

— וואו איז דאָס?

— אויף וועלכער גאַס?

— אָבער טאַקע אומזיסט?

— אוודאי — זאָגט דאָס ייִנגל און ווייזט זיין פולן פּאַפּירענעם בײַטל.

— ווייז אונדז, וואו דאָס איז.

— גייט אַליין, וועט איר שוין טרעפן — זאָגט דאָס ייִנגל. — גייט גלײַך מיט דער גאַס, וועט איר זען אַ גרויסן מויער מיט אַ מעשן בלעכל און אַן אויפשריפט, זאָלט איר אַהין אַריינגיין.

## ב

גייען זיי נישט, די דריי ייִנגלעך, נאָר זיי לויפן און קוקן אויף די מויערן און בלייבן שטיין, זעען זיי אַ סך גרויסע מויערן מיט אַ סך מעשענע בלעכלעך, און ווייסן נישט וואו אַריינצוגיין.

— ווען מיר קענען איבערלייענען, וואָלטן מיר שוין געוואוסט — זאָגט איין ייִנגל.

— אַוואַדע — זאָגט דער צווייטער.

— אָבער וואָס טוט מען?

— לאָמיר פרעגן אַ גרויסן.



קוקן זיי זיך אום און זעען אַ גאַסן־קערער. פרעגן זיי אים:

— וואָס שטייט אויפגעשריבן אויף דעם בלעכל?

טוט ער אַ קוק און זאָגט:

— ווער עס וויל קענען לייענען, זאָל גיין אין שול.

— אַ שלעכטער מענטש — זאָגן זיי און גייען צו צו אַ פּאָליציאַנט.

— וואָס שטייט אָנגעשריבן אויף יענעם בלעכל?

— ווער עס וויל קענען לייענען, זאָל גיין אין שול.

— אַ בייזער פּאָליציאַנט — זאָגן זיי און גייען צו צו אַ דורכגייער.

— ליבער מענטש, לייען אונדז איבער וואָס שטייט אויף דעם בלעכל אָנגעשריבן.

— ווער עס וויל קענען לייענען, זאָל גיין אין שול.

## ג

ווערן זיי בייז, די דריי יינגלעך, און זאָגן:

— לאָמיר אַלע אַהיים גיין און זאָגן אונדזערע טאַטעס און מאַמעס, אַז מיר ווילן קענען לייענען. און שפּעטער, אַז מיר וועלן זיך אויסלערנען, וועלן מיר אַלע דריי צוקומען אַהער און איבערלייענען וואָס דאָ שטייט אויפגעשריבן.

אַזוי האָבן די יינגלעך געטאָן. זיי האָבן זיך פאַרשריבן אַלע דריי אין אַ שול, און ווען זיי האָבן שוין געקענט לייענען, זיינען זיי צוגעקומען צום זעלבן מויער און איבער־געלייענט דעם אויפשריפט אויף דעם בלעכל, וואָס האָט טאַקע געזאָגט:

## ווער עס וויל קענען לייענען — זאָל גיין אין שול

### פאַרשטיי די ווערטער:

בייטל bag

צוקערקעס — candy

אומזיסט — without money

מויער — brick house

מעשן בלעכל — brass plate

גאַסן־קערער — street cleaner

אוודאי — sure

ווערן בייז — get angry

### אַרבעט.

אויפן מעשענעם בלעכל איז געווען אויפגעשריבן:

ווער עס וויל עסן קענדי—זאָל גיין אין שול. ריכטיק ☐ פאַלש ☐

ווער עס וויל גיין אין שול—זאָל עסן קענדי. ריכטיק ☐ פאַלש ☐

ווער עס וויל קענען לייענען—זאָל גיין אין שול.
ריכטיק ☐ פאַלש ☐

מאַך אַזאַ צייכן ✓ לעבן ריכטיק אָדער פאַלש.

## פּרעגן קאָסט קיין געלט ניט

| אין יידיש זאָגט מען: | אין ענגליש זאָגט מען: |
| --- | --- |
| איך גיי אין שול | I am going to shule |
| איך וואַש זיך | I wash |
| איך טו זיך אָן | I dress |
| איך שפּיל זיך | I play |
| איך לייג זיך שלאָפן | I go to bed |

### שרייב אַריין

| | | |
| --- | --- | --- |
| יאַ | —— גער —— גן זיך נאָך ווער —. | ד |
| יאָ | —— נקל שפּילט זיך מיט דער קאַ —. | ם |
| יע | —— סל באָדט זיך אין יאַ —. | פ |
| יך | —— נג און אַלט טראָגן אויף די פּיס שי —. | צ |
| | די זו — שיינט אַ גאַנצ — טאָג. | ז |

אַ לידעלע,
אַז מע מעקט
מיטן מעקער

אַ לידעלע,
אַז מע שניצט
אַ בלייער



מעק, מעקער,
מעקער, מעק,
מעק מיר אויס
אָט דעם-אָ קלעק.

רייבן, רייבן,
רייבן, רייבן,
אַז קיין סימן
זאָל ניט בלייבן.

נאָך, נאָך,
נאָך, נאָך,
נאָר רייב ניט אויס
קיין לאָך.

איצטער דאָרט,
איצטער דאָ,
ווייז דעם קלעק!
נ - י - ט - אָ!

שניץ, מעסער,
בעסער שניץ,
שאַרף דעם בלייער,
מאַך אַ שפּיץ.

שאָב, שאַרף,
שאַרף, שאָב,
ניט צו דין,
ניט צו גראָב,

ניט צו קורץ,
ניט צו לאַנג —
שוין.
שיין.
שאַרף.
אַ דאַנק!

## ווועקט די מאַמע מיך פון בעט

ווועקט די מאַמע מיך פון בעט:
— שטיי אויף, מיין קינד, ס׳איז שוין שפּעט.

טו זיך אָן, וואַש זיך איין,
ס׳איז שוין צייט אין שול צו גיין.

עפן איך די אויגן באַלד:
פינצטער איז אין שטוב און קאַלט.

— מאַמע, מאַמע, ווי מיר שיינט,
איז די זון פאַרשלאָפן היינט.

— ניין, מיין קינד, די זון פאַרגייט
און גייט אויך אויף אין צייט.

זי קלאַפּט אין די טירן אָן,
זאָגט אַ העלן מאָרגן אָן.

נאָר ביי אונדז די טיר איז קליין,
קאָן זי נישט אין שטוב אַריין.

— מאַמע, איך וועל וואַקסן גרויס,
בוי איך אויף אַ ליכטיק הויז!

ווועלן טירן גרויסע זיין —
אָפן פאַר דער זון און שיין.

פאַרשטיי די ווערטער:

וועקן — to wake up
העלן — bright
וואַקסן — to grow
שיין — light

### אין דער פרי.



6 5 4 3 2 1

פאַס צו דעם נאָמען פון דער זאַך צו דעם נומער און שרייב זיי אַריין אין דיין העפט:

קעמל. זייף. ציין-בערשטל. הענט. האַנטעך. פּנים.



# אויף יידיש

פערל: וויפיל האָט אַ וואָך טעג?
בערל: אַז דו ווייסט ניט — פרעג.
פערל: פרעג איך דיך.
בערל: ענטפער איך.
פערל: אויף יידיש?
בערל: וואָס דען, אויף ניט-יידיש?
זיבן טעג צוזאַמען.
פערל: קענסטו אָנרופן יעדן טאָג ביים נאָמען?
בערל: אויף יידיש?
פערל: ניט אויף טערקיש.
גיט בערל אַ שפרונג
און מיטן צינגל אַ קלונג:
זונטיק
מאָנטיק
דינסטיק
מיטוואָך
דאָנערשטיק
פרייטיק
שבת
געטראָפן?
פערל: יאָ, קענסט שוין גיין שלאָפן.
בערל: אַ גוטע נאַכט.
פערל: שלאָף געזונט.

בערל: איין מינוט, פּערל.
פּערל: יאָ, בערל.
בערל: אַז דו וועסט מיך טרעפֿן מאָרגן אין דער פֿרי, וואָס וועסטו זאָגן?
פּערל: אַ גוט מאָרגן.
בערל: אַ גוט מאָרגן, אַ גוט יאָר. און אַז דו וועסט מיך טרעפֿן אין אָוונט, וואָס וועסטו מיר זאָגן?
פּערל: אַ גוטן אָוונט, בערל.
בערל: אַ גוטן אָוונט, אַ גוט יאָר, פּערל. און וואָס וועסטו זאָגן, ווען דו וועסט אַוועקגיין?
פּערל: אַ גוטע נאַכט, בערל.
בערל: אַ גוטע נאַכט. שלאָף געזונט.

## טעג פֿון דער וואָך

| | | | |
|---|---|---|---|
| Friday | Monday | Saturday | Tuesday |
| 1 | 2 | 3 | 4 |
| Wednesday | Thursday | Sunday | |
| 5 | 6 | 7 | |

פּאַס צו דעם נאָמען פֿון דעם טאָג צו דעם נומער און שרייב זיי אַריין אין דיין העפֿט:

זונטיק. מאָנטיק. דינסטיק. מיטוואָך. דאָנערשטיק. פֿרייטיק. שבת.

# דער זייגער

דער זייגער וועקט מיך אויף
אין שול אַריין צו גיין —
אָבער ער אַליין —
בלייבט אין דער היים.

ער ציילט פון איינס ביז צוועלף,
ער קען ניט מער —
אָבער איך קען ציילן
מער ווי ער.

## ביז וויפיל קענסטו ציילן?

שרייב אָן די ווערטער לעבן די ציפער:

איינס. צוויי. דריי. פיר. פינף. זעקס. זיבן. אַכט. ניין. צען. עלף. צוועלף. דרייצן. פערצן. פופצן. זעכצן. זיבעצן. אַכצן. נײַנצן. צוואַנציק.

| | | | |
|---|---|---|---|
| 1 ______ | 6 ______ | 11 ______ | 16 ______ |
| 2 ______ | 7 ______ | 12 ______ | 17 ______ |
| 3 ______ | 8 ______ | 13 ______ | 18 ______ |
| 4 ______ | 9 ______ | 14 ______ | 19 ______ |
| 5 ______ | 10 ______ | 15 ______ | 20 ______ |

### גרויס — קליין — קלענער

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| טיש | טישל | טישעלע | שיף | ___ | ___ |
| פיש | ___ | ___ | ליפ | ___ | ___ |
| טיר | ___ | ___ | ליד | ___ | ___ |

| אין יידיש זאָגט מען: | אין ענגליש זאָגט מען: |
|---|---|
| ס'איז מיר קאַלט | I am cold |
| ס'איז מיר וואַרעם | I am warm |
| איך פאָר מיט דער שיף | I am going by boat |
| זי איז געוואָרן קראַנק. | She became sick |




# דאָס ביכעלע

## א

אין אַ שטוב אויף אַ טיש איז געלעגן אַ ביכל.

איז אָבער אין שטוב קיינער ניט געווען און דאָס ביכל ניט געהערט און ניט געזען.

וואָס זשע וועט עס אַזוי ליגן?

האָט דאָס גענעבן אַ מאַך — האָפּ! און פון טיש אַ שפרונג אַראָפּ. און צום פענצטער גענעבן אַ לויף, און אַרויסגעקוקט אויפן הויף.

אויפן הויף האָט דאָס ביכל דערזען אַ סך קינדער, און אַלע זיינען געווען פאַרטאָן אין אַ שפּיל.

איז דאָך דאָס ביכל גרינג,
האָט דאָס געטאָן אַ שפּרינג

און איינס, צוויי, און דאָס ביכל איז שוין געווען אויפן הויף און זיך אַריינגעשטעלט צווישן אַלע קינדער.

## ב

האָבן די קינדער אָפּגעשטעלט די שפּיל, און זיך אַרומגעשטעלט אַרום דעם נייעם גאַסט — דעם ביכל.

האָבן די קינדער געפרעגט ביי דעם ביכל:

— ווי אַזוי הייסטו?

— ווי אַזוי איך הייס? יידיש איז מיין נאָמען! — האָט דאָס ביכל געענטפערט.

האָבן זיך די קינדער איבערגעקוקט איינס מיטן

אַנדערן. און כאָטש זיי זיינען אַלע געווען יידישע קינדער האָבן זיי ניט פאַרשטאַנען וואָס דאָס ביכל מיינט, ווייל זיי האָבן קיינס ניט געקענט לייענען קיין יידיש. נאָר צווישן די קינדער איז געווען איין יינגל, אַן עלטערער, וואָס האָט יאָ פאַרשטאַנען און געקענט לייענען יידיש.

האָט דאָס יינגל, וואָס האָט געהייסן מיכל,
אַ טאַנץ געטאָן: אַך, אַ יידיש ביכל!

און דאָס יינגל האָט זיך אַוועקגעזעצט אויפן גראָז, און ארום אים — אין אַ ראָד אַלע קינדער, און דאָס יינגל מיכל האָט גענומען דאָס ביכל און האָט אָנגעהויבן צו לייענען די שיינע לידלעך און מעשות, וואָס זיינען אין דעם יידישן ביכל געווען אויפגעשריבן.

די קינדער זיינען געזעסן מיט אָפענע מיילער און זיך איינגעהערט, וואָס דער יינגל מיכל דערציילט זיי פון דעם יידישן ביכל.

ג

אַז ער האָט שוין געהאַט אויסגעלייענט דאָס גאַנצע ביכל, און עס איז די קינדער שטאַרק געפעלן געוואָרן, האָבן זיי דעם יינגל געפרעגט, ווי אַזוי ער האָט זיך אויסגעלערנט לייענען יידיש, האָט זיי מיכל געענטפערט:

— איך גיי אין דער יידישער שול!

— מיר ווילן אויך גיין אין דער יידישער שול! — האָבן אַלע קינדער אַ זאָג געטאָן.

אַז דאָס ביכל האָט דערהערט, וואָס די קינדער האָבן געזאָגט, האָט דאָס געגעבן אַ שפּרונג און זיך אַוועקגעשטעלט דאָס ערשטע אין דער ריי און אַ זאָג געטאָן צו די קינדער:

— קומט, יידישע קינדער, וועל איך אייך פירן אין דער יידישער שול.

און שיין איז געווען צו קוקן,
ווי דאָס ביכל האָט די קינדער געפירט
און אין דער יידישער שול מאַרשירט.

אַז דער לערער האָט דערזען אַזוי פיל קינדער, האָט ער אַ פרעג געטאָן:

— וואָס ווילט איר, קינדער?

און אַלע קינדער האָבן געענטפערט:

— מיר ווילן קענען יידיש!

פון דעמאָלט אָן האָבן אָנגעהויבן צו קומען אין שול אַריין אַ סך, אַ סך יידישע קינדער, ווייל אַלע, אַלע האָבן געוואָלט קענען לייענען און שרייבן יידיש.

### פאַרשטיי די ווערטער:

| | |
|---|---|
| פאַרטאָן — busy | גאַסט — guest |
| הויף — yard | כאָטש — although |

| | |
|---|---|
| ווי הייסטו? — | What's your name? |

### מאַך פון איינס — אַ סך

| | |
|---|---|
| העפט — העפטן | בער — בערן |
| טיש — ——— | שער — ——— |
| שטול — ——— | מער — ——— |
| בעט — ——— | טייך — ——— |

### דער און די

| | | | |
|---|---|---|---|
| דער טאַטע | ——— זיידע | די מאַמע | — באָבע |
| ——— ברודער | ——— פעטער | — שוועסטער | — מומע |

# גייען מיר שפּאַצירן



גייען מיר שפּאַצירן
ווייט און ווייט אַוועק,
גייען מיר און גייען —
ס׳נעמט גאָר ניט קיין עק.

וואָס זשע דאַרף אונדז אַרן —
זומער איז דאָך דאָ,
קומען מיר ניט איצטער,
איז שפּעטער מיט אַ שעה.

גרינע פעלדער אונטן,
בלויער הימל אויבן,
און די זון אין מיטן —
באַקט אונדז ווי אַן אויוון.

גייען מיר שפּאַצירן,
טראַ - ראַ - ראַ - ראַ - ראַם,
זינגען מיר און שפּילן —
טידל - דע, טידל - ד ע - דאַם.

### פאַרשטיי די ווערטער:

| | |
|---|---|
| to walk — שפּאַצירן | later — שפּעטער |
| hour — שעה | stove — אויוון |

### זומער און ווינטער

| | |
|---|---|
| ווינטער איז ———. | זומער איז ———. |
| זומער גייט אַ ———. | ווינטער פאַלט אַ ———. |
| בייטאָג שיינט די ———. | ביינאַכט שיינט די ———. |
| די פעלדער זיינען ———. | דער הימל איז ———. |

**שרייב צו די ווערטער צו די ריכטיקע זאַצן.**

זון. בלוי. שניי. גרין. קאַלט. לבנה. רעגן. הייס.



# קידער און ווידער

אַמאָל זיינען געווען צוויי ברידער
איינער האָט געהייסן קידער, דער צווייטער — ווידער.
האָט איינער עפּעס פֿון צווייטן געהערט,
האָט ער געזאָגט פּונקט פֿאַרקערט.

האָט קידער געזאָגט:
— ס׳איז איצט טאָג.
האָט ווידער געזאָגט:
— ס׳איז איצט נאַכט.
האָט קידער געזאָגט:
— די טיר איז אָפֿן.
האָט ווידער געזאָגט:
—די טיר איז פֿאַרמאַכט.

האָט קידער געזאָגט:
— ס׳איז קורץ.
האָט ווידער געזאָגט:
— ס׳איז לאַנג.
האָט קידער געזאָגט:
— איך בין געזונט.
האָט ווידער געזאָגט:
— איך בין קראַנק.

## שרייב אַריין

| | | | |
|---|---|---|---|
| ד | קרו— | זו— | שוואַר— |
| ס | אוי— | פּו— | בוי— |
| ז | שי— | ברוי— | לוי— |
| פֿ | אי— | אי— | קרי— |
| ץ | גיי— | גאַ— | קוי— |
| | קאַ— | קור— | בוי— |

## קלאַפּט דאָס פּייקל



קלאַפּט דאָס פּייקל, קלאַפּט דאָס פּייקל,
קלאַפּן הענטלעך צו.
קלאַפּט דאָס פּייקל, קלאַפּט דאָס פּייקל,
קלאַפּן מיילעכלעך צו.

טאַנצן קינדער אין קאַראַהאָד,
טאַנצט די וועלט אַרום.
פאַלן קינדער אין קאַראַהאָד,
פאַלט די וועלט אויך אום.

קלאַפּט דאָס פּייקל, קלאַפּט דאָס פּייקל,
קלאַפּן הענטלעך צו.
קלאַפּט דאָס פּייקל, קלאַפּט דאָס פּייקל,
קלאַפּן מיילעכלעך צו.

**זאָג שנעל דריי מאָל:**

| |
|---|
| די פּייקלדיקע פּייקלעך האָבן פּייקלדיק געפּייקלט |

## דער שטומער

זיצט אַ שטומער אין גאַס. עס גייען פאַרביי מענטשן ער שטרעקט אויס זיין האַנט און ברומט: ה-מ-מ-ם . . ה-מ-מ-ם . . . פאַלן אין זיין האַנט דיימס און ניקלס.

שטעלט זיך אָפּ אַ מאַן, באַטראַכט דעם שטומען וואַרפט אַריין אַ דיים אין זיין האַנט און פרעגט אים:

— שוין לאַנג, אַז איר זייט שטום?

— שוין צוואַנציק יאָר — ענטפערט דער שטומער.



# די ערשטע אַמעריקאַנער פאָן

עס איז געווען אַ שיינער פרימאָרגן אין מאַי, אין יאָר 1777, אין דער שטאָט פילאַדעלפיע.

בעטסי ראָס איז געזעסן און גענייט פאַר זיך אַ קלײדל. זי האָט געטראַכט פון איר מאַן, וועלכער איז געפאַלן אין שלאַכט. ער האָט געקעמפט אַז אַמעריקע זאָל ווערן אַ פריי לאַנד.

מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט אַ קלאַפ אין טיר. בעטסי האָט אַוועקגעלײגט דאָס קלײדל און איז געגאַנגען עפענען די טיר.

זי האָט זיך זייער געוואונדערט, ווען זי האָט דערזען ביי דער טיר די דריי גרויסע געסט: גענעראַל וואַשינגטאָן, קאַירנעל ראָס און ראָבערט מאָרים.

וואַשינגטאָן האָט איר געזאָגט:

— מיר זיינען געקומען זיך דורכרעדן מיט אייך וועגן אַ נייער פאָן פאַר אונדזער לאַנד. האָט איר שוין געמאַכט אַמאָל אַ פאָן?

— קיין מאָל ניט. אָבער איך וועל פרואוון.

וואַשינגטאָן האָט איר געזאָגט, אַז יעדעס לאַנד האָט זיין פאָן, און אַז אונדזער ניי פריי לאַנד דאַרף האָבן זיין אייגענע פאָן.

וואַשינגטאָן האָט געזאָגט, אַז ער האָט געטראַכט אַז אַ פאָן פון שטערן און שטרייפן וואָלט געווען זייער שיין.

בעטסי ראָס האָט געזאָגט:

— ס'וואָלט געווען שענער, ווען די פאָן זאָל זיין אַ

לענגלעכע און אַז די שטערן זאָלן זיין מיט פינף שפּיצן.

— מיט פינף שפּיצן איז טאַקע שענער — האָט וואַשינגטאָן געזאָגט — אָבער עס וועט זיין שווערער אויסצושניידן.

בעטסי ראָס האָט גענומען אַ שערל און אַ שטיקל פּאַפּיר און געוויזן ווי מיט איין שניט האָט זי אויסגעשניטן אַ פינף-שפּיציקן שטערן.

וואַשינגטאָנען איז דאָס געפעלן און ער האָט איר געהייסן מאַכן די פאָן.

ווען וואַשינגטאָן און זיינע באַגלייטער זיינען אַוועק פון הויז, האָט זיך בעטסי ראָס גלייך גענומען צו דער אַרבעט. זי האָט געאַרבעט ביי טאָג און ביי נאַכט און ס'האָט לאַנג ניט גענומען, אין עטלעכע טעג אַרום איז פאַרטיק געוואָרן די פאָן — בלויע שטערן און רויטע און ווייסע שטרייפן.

דעם 4טן יולי, 1777, איז די פאָן פון שטערן און שטרייפן געוואָרן די פאָן פון די פאַראייניקטע שטאַטן.

און בעטסי ראָס האָט ליב געהאַט איר אַרבעט און גענייט אַמעריקאַנער פאָנען איר גאַנץ לעבן.

שווערע ווערטער:

| | |
|---|---|
| מיט אַמאָל — suddenly | שטרייפן — stripes |
| פאָן — flag | שפּיצן — points |

| | |
|---|---|
| פאַראייניקטע שטאַטן — | United States |

**איך — מיר**

| | | | |
|---|---|---|---|
| איך עס | מיר עסן. | איך פלי. | מיר ———. |
| איך שרייב. | מיר ———. | איך לאַך. | מיר ———. |
| איך לויף. | מיר ———. | איך פאָר. | מיר ———. |
| איך גיי. | מיר ———. | איך טאַנץ. | מיר ———. |

# דאָס צעטראָגענע מיידעלע

מיידעלעך קען איך אַ סך. איינע פון זיי איז זייער אַ צעטראָגענע. ביינאַכט, אַז זי גייט שלאָפן און טוט זיך אויס, פאַרגעסט זי זיך אַמאָל און אַנשטאָט צו שטעלן די  אונטערן בעט און זיך אין , לייגט זי די שיכעלעך אין בעט און זיך אונטערן בעט. און אַז זי שטייט אויף און וויל אַראָפּגיין פון  מאַכט זי אַ טאָעס: אַנ-שטאָט נעמען אירע פיס און אַראָפּגיין, נעמט זי דעם ברודערלס  און גייט אַראָפּ.

גייענדיק אין  פאַרגעסט זי אַ סך מאָל, און אַנשטאָט מיטצונעמען אין שול אַריין די העפטן מיט די   , נעמט זי מיט אַ  מיט אַ   און לאָזט איבער די העפטן מיט די      אין דער היים.

איין מאָל איז זי געווען אין שול. האָט די לערערין אויסגערופן איר נאָמען, האָט זי ניט געענטפערט. זאָגט די  נאָך אַ מאָל:

— כאַנעלע!

אָבער זי זיצט אויף איר אָרט און שווייגט.

קוקט זי די לערערין אָן און פרעגט:

— פאַרוואָס ענטפערסטו ניט?

איך האָב גאָר פאַרגעסן — זאָגט זי — אַז איך בין כאַנעלע.

איין מאָל איז כאַנעלע פאַרבלאָנדזשעט געוואָרן. שטייט זי אין  און וויינט. פרעגט מען ביי איר:

— וואָס ווייַנסטו ?
— איך האָב שוין פֿאַרגעסן — זאָגט זי.
— ווי הייסטו ?
— וואַשינגטאָן עוועניו.
— וואו וואוינסטו ?
— אויף דער קאַנעלע גאַס, נומער 645.
— ווי הייסט דיין טאַטע ?
— רחל.
— דיין מאַמע ?
— משה.

ווען מען האָט קאַנעלען געבראַכט אַהיים, האָט דער טאַטע מיט דער מאַמע זי געפרעגט, וואו זי איז געווען. האָט זי געזאָגט, אַז די גאַס איז פֿאַרבלאָנדזשעט געוואָרן און פֿאַרגעסן ווי זי הייסט, האָט זי זי אָפּגעפירט צוריק אַהיים.

אָט אַזאַ מיידעלע איז קאַנעלע.

## פֿאַרשטיי די ווערטער :

| | |
|---|---|
| צעטראָגענע — absent minded | טעות (טאָעס) — mistake |
| פֿאַרבלאָנדזשעט געוואָרן — got lost | אַנשטאָט — instead |

## קענסטו ענטפֿערן אויף די פֿראַגן ?

ווי הייסטו ? ———— אויף וועלכער גאַס וואוינסטו ? ————
אין וועלכער שטאָט ? ———— אין וואָס פֿאַר אַ לאַנד ? ————
ווי הייסט דיין טאַטע ? ———— ווי הייסט דיין מאַמע ? ————
האָסטו אַ שוועסטער ? ———— האָסטו אַ ברודער ? ————
האָסטו אַ זיידן ? ———— האָסטו אַ באָבע ? ————

| אין יידיש זאָגט מען : | אין ענגליש זאָגט מען : |
|---|---|
| איך וואַש זיך | I wash myself |
| איך טו זיך אָן | I dress |
| איך שפּיל זיך | I play |
| איך זוך מיינע קליידער | I am looking for my clothes |
| דו זוכסט דיין בוך | You are looking for your book |
| זי זוכט איר חברטע | She is looking for her friend |

# ב ר ו י ט



ווײַל דער בעקער גנעמען באַקן
פֿאַר די קינדער ברויט געשמאַקן,

מוז ער שנעל צום מילנער לויפֿן,
אַז ער זאָל אים מעל פֿאַרקויפֿן.

קראַצט דער מילנער זיך אין אויער:
ווייץ און קאָרן האָט דער פּויער.

זאָגט דער פּויער: ווייץ און קאָרן,
זײַנען ערשט פֿאַרזייט געוואָרן.

מוז ער בײַ די וואָלקנס פֿרעגן,
צי וועט גײן אַ שטאַרקער רעגן.

קומט אַ ווינט אַ ווילד געשווינטער,
הערט מ׳דאַרף דאָס ברויט פֿאַר קינדער.

ברענגט ער וואָלקנס, גיסן שלאַקסן
און דאָס ברויט הויבט אָן צו וואַקסן.

## שווערע ווערטער:

גע‏שמאַקן — tasty
מילנער — miller
ווייץ — wheat
וואָלקנס — clouds
געשווינטער — fast
שלאַקסן — pouring rains

### שרײַב אַרײַן

| | |
|---|---|
| זש | מײַן טאַטע לייענט אַ —— ורנאַל. |
| | אויפֿן פֿאַרם האָב איך געזען אַ —— וק. |
| דזש | מײַן מאַמע קאָכט טיי אין אַ —— ייניק. |
| | אויפֿן וואַסער שווימט אַ קאַ —— קע. |
| טש | די מאַמע זאָגט: יאַנקל, זײַ אַ מענ ——. |
| | מײַן שוועסטערס נאָמען איז —— עני. |
| | מײַן טאַטע האָט געקראָגן אַ —— אַב. |

# די גאַנדז אויף איין פוס

אַמאָל איז אַ קינד געזעסן מיט זיין פאָטער ביי מיטאָג. מען האָט דערלאַנגט גענדזן-פלייש מיט די פיסלעך פון דער גאַנדז.

דערווייל האָט זיך דער פאָטער פאַרקוקט. האָט דאָס קינד גענומען אַ פיסל און עס אויפגעגעסן.

דער פאָטער האָט זיך אומגעקוקט און דערזען, אַז ס'איז דאָ נאָר איין פיסל. פרעגט ער דאָס קינד:

— דו האָסט אויפגעגעסן אַ פיסל?

— ניין, טאַטע — ענטפערט דאָס קינד — די גאַנדז האָט געהאַט נאָר איין פוס.

— סטייטש — זאָגט דער פאָטער — וואו האָסטו געזען אַ גאַנדז מיט איין פוס?

— קום צום טייך — זאָגט דאָס קינד — וועל איך דיר ווייזן אַ סך גענדז, וואָס האָבן נאָר צו איין פוס.

נאָכן עסן איז דער פאָטער געגאַנגען מיטן קינד צום טייך, און דאָס קינד האָט געוויזן דעם פאָטער, ווי אַ גאַנדז איז געשטאַנען אויף איין פוס. דער אַנדערער פוס אירער האָט זיך ניט אַרויסגעזען.

— זעסטו, טאַטע, אָט איז אַ גאַנדז מיט איין פוס.

— האָסט אַ טעות — האָט דער פאָטער געזאָגט און אַ יאָג געטאָן די גאַנדז. די גאַנדז האָט אַראָפּגעלאָזן דעם אַנדערן פוס.

— ע — זאָגט דאָס קינד — האָסט דאָך די גאַנדז מיט דער האַנט אַ יאָג געטאָן. ווען דו וואָלסט ביים טיש אויך אַ יאָג געטאָן מיט דער האַנט, וואָלט ביי יענער גאַנדז אויך געוואָרן צוויי פיסלעך.

פ י י ג ל



| 6 | 5 | 4 | 3 | 2 | 1 |
|---|---|---|---|---|---|

פּאַס צו דעם נאָמען פון דעם פויגל צו דעם נומער און שרייב זיי אַריין אין דיין העפט:

הון. גאַנדז. אינדיק. טויב. קאַטשקע. האָן.




## יאַנקל גרייט צום טיש

די מאַמע איז אַוועק קויפן פיש,
האָט זי געהייסן יאַנקלען גרייטן צום טיש,
אַז דער טאַטע וועט קומען פון דער אַרבעט צוגיין,
זאָל דער טיש זיין גרייט און שיין.
אָבער ווי זאָל ער גרייטן צום טיש,
אַז יאַנקל ווייסט ניט, וואָס יאָ, וואָס נישט.
האָט ער די אויגן פאַרמאַכט
און געטראַכט אַ יאָר מיט אַ נאַכט.
און אויפן טיש —
גאָר נישט מיט נישט.
דערהערט זיך אַ קלאַפּ אין דער טיר זייער איידל,
זאָגט יאַנקל: „אַריין!" באַווייזט זיך דעם שכנס מיידל.
— יאַנקל, דיך שוין ניט געזען אין שול, אַ יאָר מיט אַ נאַכט.
זאָגט יאַנקל: איך בין פאַרנומען, זייער שטאַרק פאַר-
טראַכט.
איך דאַרף גרייטן צום טיש
און ווייס גאָר נישט.
מאַכט דאָס מיידל מיט אַ שמייכל: דאָס אַלץ?
קרימט זיך יאַנקל: מיט אַ ביסל זאַלץ.
זאָגט דאָס מיידל: בייז זיין איז ניטאָ פאַרוואָס —
נעם אַ בלייפעדער און פאַרשרייב אָט דאָס:
אַ טישטעך, סאַלפעטקעס, לעפל, גאָפּל און מעסער,
טעלער, שיסל, זאַלץ, צוקער, ברויט און וואַסער.




פּאַס צו דעם נאָמען פון דער זאַך צו דעם נומער
און שרייב זיי אַריין אין דיין העפט:

לעפל. גאָפּל. ברויט. מילך. מעסער. טעלער. שיסל. טעפּל. שאָל.



## וואו וואוינט די זון?

אין וואַלד צווישן ביימער
האָב איך די זון געזען —
זי איז געגאַנגען שלאָפֿן,
עס איז פֿאַרנאַכט געווען.

און איין מאָל, איך דערמאָן זיך,
איז זי אַריין אין טאָל.
און אויף אַ באַרג אַ הויכן
איז זי אַרויף אַ מאָל.

כ׳האָב אויך געזען ווי זי איז
אַמאָל אין ים אַריין,
האָב איך געמיינט אויף זיכער
איר היים מוז דאָרטן זיין.

און איך האָב זיך געוואונדערט:
וואו קען זי וואוינען פֿאָרט,
אַז תמיד גייט זי שלאָפֿן
אין גאָר אַ נייעם אָרט?

### שווערע ווערטער:

טאָל — valley
באַרג — mountain
ים (יאַם) — sea, ocean
תמיד (טאָמיד) — always



# די מאַלפּע
# און די ברילן

אַ מאַלפּע איז געוואָרן אַלט. אירע אויגן זיינען געוואָרן שוואַך. האָבן מענטשן איר געזאָגט, אַז אויב מען טוט אָן ברילן, זעט מען בעסער.

איז די מאַלפּע געגאַנגען אין קראָם און האָט געקויפט אַ גאַנצן טוץ — דאָס הייסט צוועלף פּאָר ברילן. זי האָט זיך אַוועקגעזעצט און האָט איין פּאָר אָנגעמאָסטן אויף די פיס, איין פּאָר אויף דער פּלייצע, איין פּאָר אויפן עק און אויף אַלע אַנדערע טיילן פון קערפּער, נאָר ניט אויף די אויגן. אָבער די ברילן האָבן ניט געהאָלפן.

איז די מאַלפּע בייז געוואָרן און האָט אַ וואָרף געטאָן די ברילן אויף אַ שטיין און זיי צעבראָכן אויף פּיצלעך. און די מאַלפּע האָט געזאָגט:

— די מענטשן זיינען גרויסע ליגנער. זיי זאָגן, אַז די ברילן העלפן, אָבער איצט זע איך, אַז זיי טויגן צו גאָרניט.

### שווערע ווערטער:

| | |
|---|---|
| מאַלפּע — monkey | פּלייצע — shoulder |
| ברילן — eye glasses | פּיצלעך — small pieces |

### ווער איז ווער?



| 1 | 2 | 3 | 4 | 5 | 6 | 7 | 8 |
|---|---|---|---|---|---|---|---|
| | | | | | | | |

פּאַס צו דעם נאָמען פון דער זאַך צו דעם נומער
און שרייב זיי אַריין אין דיין העפט:

בער. קו. קאַץ. אָקס. העלפאַנט. מויז. הונט. פערד.

# דאָקטער בראָקטער

מאַכט נישט אַ יינגעלע די לעקציעס, שעמט ער זיך אויף מאָרגן גיין אין שול אַריין. שטייט ער אויף אין דער פרי און קלערט: וואָס טוט מען? קומט אָן די מאַמע, זעט איך יינגעלע זיצט אין בעטל אַ פאַרטראַכטער, פרעגט זי:

— וואָס טוסטו זיך נישט אָן, סעמעלע?

שעמט זיך סעמעלע און ער זאָגט:

— איך בין נישט געזונט.

— נישט געזונט! וואָס איז דיר?

— דער קאָפּ טוט מיר וויי.

— נישט מער ווי דער קאָפּ?

— דער בויך און די פיס אויך.

די מאַמע טאַפּט סעמעלען דעם שטערן, קוקט אים אַריין אין די אויגן, אין האַלדז, און זאָגט:

— מען וועט מוזן אַריינגיין צו אַ דאָקטער.

אַ דאָקטער איז אַ דאָקטער. סעמעלע האָט ניט קיין מורא. ער טראַכט זיך: וואָס וועט ער מיר טאָן, דער דאָקטער — פאַרשרייבן ביטערע פילן? צי מיר קוקן אין האַלדז? אַלץ בעסער, ווי גיין אין שול אַריין, און דער לערער זאָל אים עפּעס פרעגן און ער זאָל נישט וויסן וואָס צו ענטפערן.

איז סעמעלע געקומען צום דאָקטער, האָט דער דאָקטער אים פריער גוט באַטראַכט, אַריינגעקוקט אין האַלדז, אין די אויגן און גענומען דערנאָך אויספרעגן:

— וואָס טוט דיר וויי?

— דער קאָפּ.

— נישט מער ווי דער קאָפּ?

— די נאָז, דער האַלדז, דער בויך און די פיס אויך.

— אַלץ מיט אַמאָל?

— אַלץ מיט אַמאָל.

רעדט נישט דער דאָקטער קיין וואָרט, נעמט און שרייבט עפּעס אָן אויף אַ פּאַפּירל און גיט עס דער מאַמען.



— אָט דאָ פֿאַרשרייב איך אייך צ י מ ש. גיט אים אַלע שעה אַ ביסל צימש. נאָר געדענקט: וואָס מער צימש, איז בעסער.

נעמט די מאַמע דאָס פּאַפּירל און גייט מיט דעם אין אַפּטייק. זאָגט מען איר:

— מיר האָבן נישט קיין צימש.

גייט זי אין אַ צווייטער, אין אַ דריטער און אין אַ פערטער אַפּטייק, וואונדערט מען זיך:

— צימש?! נאָך קיין מאָל נישט געהערט פֿון אַזאַ מעדיצין.

דערמאָנט זיך די מאַמע, אַז ערגעץ איז דאָ אַן אַלטער אַפּטייקער, אַ גרויסער ווייסער, פֿאָרט זי אַריבער צו אים און פֿרעגט אים:

— איר האָט אפשר צימש?

קוקט ער זי אָן.

— וואָס איז דאָס פֿאַר אַ מעדיצין?

ווייזט זי אים דאָס פּאַפּירל.

צעלאַכט ער זיך, דער אַלטער, און זאָגט:

— אַהאַ! אויב דאָס איז פֿון דאָקטער בראָקטער, ווייס איך שוין.

און ער הייסט דער מאַמען לייענען צימש פֿאַרקערט, אויף צוריק, הייסט עס.

די מאַמע איז געקומען צולויפֿן אַ בייזע אַהיים און געוואָלט סעמעלען דערציילן, אַז דער דאָקטער האָט אים פֿאַרשריבן שמיץ, נאָר זי האָט אים שוין ניט געטראָפֿן. דאָס ייִנגעלע האָט זיך אַליין באַטראַכט און געכאַפּט די העפֿטן מיט די ביכלעך און אַנטלאָפֿן אין שול אַריין.

**שווערע ווערטער:**

| | |
|---|---|
| לעקציע — lesson | שטערן — forehead |
| קלערט — thinks | האָט מורא — afraid |
| שעמט זיך — is ashamed | אַפּטייק — drug store |

**פראַגעס:**

פאַר וואָס האָט סעמעלע נישט געוואָלט גיין אין שול? וואָס האָט אים וויי געטאָן? וואָס האָט דער דאָקטער פאַרשריבן? וואוהין איז די מאַמע געגאַנגען נאָך דער מעדיצין? וואָס פאַר אַ מעדיצין האָט דער דאָקטער פאַרשריבן?



## קידער אוןווידער

אַז קידער זאָגט: ביליק.
זאָגט ווידער: טייער.
אַז קידער זאָגט: וואַסער.
זאָגט ווידער: פייער.

אַז קידער זאָגט: הויך.
זאָגט ווידער: שטיל.
אַז קידער זאָגט: ווייניק.
זאָגט ווידער: פיל.

אַז קידער זאָגט: פינצטער.
זאָגט ווידער: ליכטיק.
אַז קידער זאָגט: שמוציק.
זאָגט ווידער: ציכטיק.

# אַ יאָר האָט צוועלף מאָנאַטן

| | | | |
|---|---|---|---|
| יאַנואַר | פעברואַר | מערץ | אַפּריל |
| מאַי | יוני | יולי | אויגוסט |
| סעפּטעמבער | אָקטאָבער | נאָוועמבער | דעצעמבער |

## שרייב צו דעם חודש (כוידעש).

איך בין געבוירן געוואָרן אין חודש ______

מיין טאַטע איז געבוירן געוואָרן אין חודש ______

מיין מאַמע איז געבוירן געוואָרן אין חודש ______

דער „פערטער דזשוליי" פאַלט אויס אין חודש ______

דער ערשטער מאַי פאַלט אויס אין חודש ______

לינקאָלן איז געבוירן געוואָרן אין חודש ______

וואַשינגטאָן איז געבוירן געוואָרן אין חודש ______

## שרייב אָן די נעמען פון די חדשים אין יידיש.

March. September. January. May. October. December.

______

July. April. February. June. November. December.

______

## טייל איין די 12 מאָנאַטן.

| פרילינג | זומער | האַרבסט | ווינטער |
|---|---|---|---|
| ______ | ______ | ______ | ______ |
| ______ | ______ | ______ | ______ |
| ______ | ______ | ______ | ______ |



## פערל און בערל

פערל: בערל, ווען עסטו?
בערל: ווען איך בין הונגעריק.
פערל: וואָס עסטו?
בערל: וואָס מען גיט מיר.
פערל: וואָס גיט מען דיר?
בערל: אַלערליי זאַכן, פון וואָס מען קען נאָר עסן מאַכן: ברויט, פּוטער, פיש, פלייש, זופּ, מילך, עפּל, באַרן, צוקער, זאַלץ, פלוימען, בעבלעך, מערן, קאַרטאָפל, בוריקעס, אַרבעס און ציבעלעס.
פערל: און אייז-קרים האָסטו פיינט?
בערל: יאָ, צו עסן מאָרגן, ווען איך קען עס עסן היינט.
פערל: און ווען טרינקסטו?
בערל: ווען איך בין דאָרשטיק.
פערל: און ווען דו ביסט דאָרשטיק, וואָס טרינקסטו?
בערל: וואָס מען גיט מיר.
פערל: וואָס גיט מען דיר?
בערל: ווי אַמאָל! אַמאָל מילך, אַמאָל וואַסער, אַמאָל טיי, אַמאָל קאַקאָ. ביר האָב איך פיינט, ווייל ס'איז ביטער און וויין — ווייל ס'איז שטאַרק.
פערל: און אייז-קרים סאָדע איז שלעכט?
בערל: זייער שלעכט — אַז מען גיט ניט...

דער טאַטער גלויבט ניט דעם הונגעריקן

**מיר**

**איז**

**אַלץ**

**איינס**

— וואָס-זשע, ווילי, ווילסטו פּאָרט?
זאָג-זשע מיר, מיין לעבן!
— וואָס דו ווילסט, מיר איז אַלץ איינס,
אַבי זאָלסט עפּעס געבן.
איך וויל דאָך עסן, מומע בעסי,
עסן זייער וויל איך.

— וועל איך געבן דיר אַ גלאָז
גוטע, קאַלטע מילך.
— ניין, ניין, ניין, ניין, ניין, ניין.
פון קאַלטן טוט מיר ווי די ציין!

— וואָס-זשע, ווילי, ווילסטו פּאָרט?
זאָג-זשע מיר, מיין לעבן!
— וואָס דו ווילסט, מיר איז אַלץ איינס,
אַבי זאָלסט עפּעס געבן.
איך וויל דאָך עסן, מומע בעסי,
כ׳האָב דאָך שוין געבעטן.

— וועל איך געבן דיר אַ פּאָר
הייסינקע קאָטלעטן.
— ניין, ניין, ניין, ניין, ניין, ניין.
פון הייסן טוט מיר ווי די ציין!

— וואָס-זשע, ווילי, ווילסטו פּאָרט?
זאָג-זשע מיר, מיין לעבן!
— וואָס דו ווילסט, מיר איז אַלץ איינס,
אַבי זאָלסט עפּעס געבן.
איך וויל דאָך עסן, מומע בעסי,
מומע ליבע, גוטע.



— וועל איך געבן דיר אַ פרישׁ
בולקעלע מיט פּוטער!
— ניין, ניין, ניין, ניין, ניין, ניין.
ברויט פאַרקריכט מיר אין די ציין!

— וואָס-זשע, ווילי, ווילסטו פּאָרט?
זאָג-זשע מיר, מיין לעבן!
— וואָס דו ווילסט, מיר איז אַלץ איינס,
אַבי זאָלסט ק ע נ ד י געבן.

# יוסף און זיינע ברידער

## א

יעקב האָט געהאַט צוועלף זין. אָבער מער פון אַלע האָט ער ליב געהאַט זיין יונגן זון יוסף. יוסף איז געווען שיין און קלוג. אָבער די ברידער האָבן יוספן ניט ליב געהאַט, ווייל ער פלעגט זיך שטענדיק באַרימען, אַז ווען ער וועט אויפוואַקסן, וועט ער זיין אַ גרויסער מענטש, אַ פירער ביים פאָלק.

איין מאָל, ווען יוספס ברידער זיינען אַ לאַנגע צייט ניט געווען אין דער היים, ווייל זיי האָבן געפּאַשעט זייער שאָף, האָט יעקב געשיקט יוספן זען, וואָס עס מאַכן די ברידער און די שאָף.

ווען די ברידער האָבן דערזען יוספן אויסגעפּוצט אין אַ ניי זיידן העמדל, האָבן זיי געזאָגט:

— אָט גייט ער, דער באַרימער. לאָמיר אים טויטן, וועלן מיר זען וואָס עס וועט אַרויסקומען פון זיינע באַרימערייען.

אָבער דער עלטערער ברודער האָט געזאָגט:

— ברידער, לאָמיר ניט פאַרגיסן קיין בלוט. לאָמיר אים אַריינוואַרפן אין אַ גרוב און שוין.

דער עלטערער ברודער האָט געטראַכט, אַז אין אָוונט וועט ער אים אַרויסנעמען פון גרוב און ברענגען אים צוריק צום פאָטער.

האָבן די ברידער אַזוי געטאָן. ווי יוסף איז אָנגעקומען האָבן זיי אים אויסגעטאָן דאָס העמדל און אַריינגעוואָרפן אין אַ גרוב.

די ברידער האָבן זיך געזעצט עסן און דער עלטערער ברודער איז ערגעץ אַוועק. דערווייל זיינען אָנגעקומען אַראַבישע סוחרים מיט זייערע קעמלען. רופט זיך אָן איינער פון די ברידער:

— לאָמיר אים פאַרקויפן צו די אַראַבער.

האָבן אים די ברידער אַרויסגענומען פון גרוב און אים פאַרקויפט. נאָך דעם האָבן זיי געקוילעט אַ ציגעלע, איינגעטונקט יוספס העמדל אין בלוט און עס געבראַכט צו יעקבן:

— דאָס האָבן מיר געפונען. איז דאָס דיין זונס העמדל?

יעקב האָט דערקענט דאָס העמדל און זיך צעוויינט:

— יאָ, דאָס איז מיין קינדס העמדל. אַ בייזע חיה האָט אים אויפגעגעסן.

און יעקב האָט ניט אויפגעהערט צו באַוויינען זיין זון יוסף.

## ב



די אַראַבישע סוחרים האָבן געבראַכט יוספן קיין מצרים און אים פאַרקויפט פאַר אַ קנעכט צו איינעם פון קעניג פרעהס עלטסטע.

יוסף האָט זיך שנעל באַליבט געמאַכט און דער עלטסטער האָט אים געמאַכט פאַר אַן אויפזעער איבער זיין פאַרמעגן.

דער קעניג האָט געהערט, אַז יוסף איז אַ פייאיקער און קלוגער מענטש, האָט ער אים געמאַכט פאַר דעם פירער פון לאַנד. ער האָט אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז מען זאָל פאָלגן יוספן ווי דעם קעניג אַליין.

## ג

איין מאָל האָט אויסגעבראָכן אַ הונגער אויף דער וועלט. אין אַלע לענדער איז ניט געווען קיין ברויט, נאָר אין מצרים יאָ, ווייל יוסף האָט מיט זיין קלוגשאַפט געזען, אַז ס׳וועט זיין אַ הונגער, האָט ער אָנגעגרייט גענוג ברויט פאַרן גאַנצן לאַנד אין די גוטע, זאַטע יאָרן.

אויך אין לאַנד, וואו עס האָט געוואוינט יעקב מיט זיינע זין, איז געווען אַ הונגער. האָט יעקב געשיקט זיינע ברידער קיין מצרים צו קויפן שפּייז.

זיינען זיי געקומען צו יוספן, פרעגט ער זיי:

— ווער זייט איר?

זאָגן זיי:

— מיר זיינען יידן און מיר ווילן קויפן שפּייז.



זיי האָבן יוספֿן ניט דערקענט, אָבער יוסף האָט זיי יאָ דערקענט. האָט יוסף אויף זיי רחמנות געהאַט און ער האָט אויסגעשריען מיט פֿרייד:

— איר דערקענט מיך ניט? איך בין דאָך אייער ברודער יוסף. לעבט נאָך מיין טאַטע יעקב?

די ברידער האָבן אַראָפּגעלאָזט די קעפּ און ניט געוואוסט וואָס צו זאָגן. זיי האָבן חרטה געהאַט פֿאַר דעם שלעכטס, וואָס זיי האָבן צו אים געטאָן. אָבער יוסף האָט זיי ניט געלאָזט טרויערן. ער האָט זיי פֿאַרגעבן. ער האָט געהייסן די דינער מען זאָל אָנפּאַקן זעק מיט ברויט און ער האָט זיי געהייסן ברענגען דעם פֿאָטער און זיין יינגסטן ברודער בנימין.

יוסף האָט דערציילט דעם קעניג פּרעה וואָס ס'האָט פּאַסירט. און פּרעה האָט געזאָגט צו יוספֿן:

— דאָס גאַנצע לאַנד איז פֿאַר דיינע ברידער. גיב זיי אָפּ דאָס בעסטע שטיק לאַנד וואָס דיר געפֿעלט.

איז יעקב מיט זיינע זין געקומען און זיי האָבן זיך באַזעצט אין דעם לאַנד גושן, אין מצרים.

## שווערע ווערטער:

באַרימער — show off
געפּאַשעט — led them to pasture
זיידן — silk
גרוב — pit
אַראַבישע — Arabian
חיה — animal
מצרים — Egypt
קנעכט — slave
פֿייאיקער — capable
פֿאָלגן — to obey
הונגער — hunger
שפּייז — food
רחמנות — pity
חרטה — regret
דינער — servants

## פראַגעס:

פאַר וואָס האָבן די ברידער פיינט געהאַט יוספן?

צו וועמען האָבן זיי אים פאַרקויפט?

וואוהין האָט מען אים אַוועקגעפירט?

צוליב וואָס האָבן זיי איינגעטונקען דאָס זיידן העמדל אין בלוט פון אַ חיה?

צוליב וואָס זיינען יעקבס קינדער געגאַנגען קיין מצרים?

האָט יוסף באַשטראָפט זיינע ברידער?

### דער — די

| | |
|---|---|
| דער טיש | די וואַנט |
| —— שטול | — האַנט |
| —— טעלער | — נאָז |
| —— לאָמפּ | — שער |
| —— דאַך | — גאַס |

### אין אידיש זאָגט מען:

איך שטיי אויף זיבן אַזייגער

וויפיל איז דער זייגער?

עס איז פיר אַזייגער

איך לייג זיך שלאָפן ניין אַזייגער

איך וואַש זיך און טו זיך אָן

### אין ענגליש זאָגט מען:

I get up at 7 o'clock

What time is it?

It is four o'clock

I go to bed at 9 o'clock

I wash and dress

### שרייב אַריין

| | |
|---|---|
| בערל האָט געגעבן —— אַנען אַ פּאַ——. | דזש |
| די בינען —— ומען אין פעלד. | טש |
| פעני איז געפאַלן אויפן גלי ——. | זש |
| מיין טאַטע האָט אַריינגעקלאַפּט אַ —— וואַק. | |
| ער האָט זיך אויסגעשמירט מיט סאַ —— ע. | |

# באַלמעלאָכעס



זיסעלע און ניסעלע
אויסגעבאָדן קלאָר —
רייניקע די פיסעלעך,
צוגעקעמט די האָר.
אָפּגעשאָרן נעגעלעך,
אויסגעפּוצט זיי ריין —
קען מען אָבער נאַקעטע
ניט שפּאַצירן גיין.

שניידער, שניידער, נייטאָרין,
שניידט גיכער מיט דער שער!
ברענגט מיר פאַר די קינדערלעך
העמדעלעך אַהער!

און הייזעלעך פאַר ניסעלען,
אַ קליידעלע פאַר זיסעלען —
ברענגט מיר איינס און צוויי!
עס איילן זיך די קינדערלעך,
שפּאַצירן ווילן זיי!

די העמדעלעך, דאָס קליידעלע,
די הייזעלעך אָנגעטאָן;
נאָר באָרוועסע די פיסעלעך —
וואָס-זשע זאָל מען טאָן?

זאָקן, זאָקן-שטריקערין,
שטריק אויס די זעקעלעך גיך!
שוסטער אויף פיסעלעך באָרוועסע
אָנצוטאָן די שיך.



אַנגעטאָן די זעקעלעך,
לויפט צום שוסטער נאָר,
וועט ער מאַכן שיכעלעך,
שיכעלעך צוויי פּאָר.

ברענגט דער שוסטער שיכעלעך,
ברענגט דער בעקער קיכעלעך,
און דער היטל-מאַכער היטעלעך
טראָגט אַריין פאַר זיי.

---

שניידער, גיב די מאַנטעלעך!
— אָט! — זייער שיין!
קענען שוין די קינדערלעך
איצט שפּאַצירן גיין.

## וואָס טוען זיי?

דער שניידער נייט ———. דער בעקער באַקט ———.

דער שוסטער מאַכט ———. דער סטאָליער מאַכט ———.

## פרעמדע ווערטער

מעק אויס די ווערטער, וואָס פּאַסן זיך ניט אַריין

**שניידער.** שער. נאָדל. פּרעסל. מאָס. לאַפּעטע. ניי־מאַשין.

**שוסטער.** לעדער. שיך. אָל. בייגל. קליידער. האַמער.

**בעקער.** קיכלעך. היטל. חלה. זעמל. ברויט. זאָקן.

**סטאָליער.** האַמער. זעג. הובל. שער. טשוואָק. טינט.

אַלע שוסטער גייען באָרוועס.
אַלע שניידער גייען נאַקעט.



# פערל און בערל

פערל: בערל, וואו שלאָפסטו?

בערל: אין שלאָף־צימער. און דו שלאָפסט מסתמא אין אייז־קאַסטן, האַ?

פערל: אויף וואָס שלאָפסטו?

בערל: אויפן בעט.

פערל: אויפן בעט שלאָפסטו? אויפן בעט קוועטשט דאָך.

בערל: איך שלאָף אויפן ליילעך, וואָס ליגט אויפן מאַטראַץ, אונטערן קאָפּ האָב איך אַ קישן, און איך דעק זיך צו מיט אַ קאָלדרע. און וואו שלאָפסטו?

פערל: איך שלאָף אויפן טעפּיך, וואָס ליגט אויפן דיל, צוקאָפּנס — אַ וואַנט און איך דעק זיך צו מיט דער סטעליע.

בערל: מער קיין חכמות האָסטו שוין ניט?

פערל: ניין, דערווייל ניט, מאָרגן וועל איך האָבן נייע חכמות.

בערל: פון וואַנען?

פערל: איך האָב זייער אַ קלוגן לערער.

בערל: אַבי איך האָב געמיינט, אַז דו ביסט קלוג.

**שווערע ווערטער:**

מען לייענט טאָעס, אָבער מען שרייבט **טעות**
מען לייענט שאָכן, אָבער מען שרייבט **שכן**
מען לייענט מיסטאָמע, אָבער מען שרייבט **מסתמא**
מען לייענט אוואָדע, אָבער מען שרייבט **אוודאי**
מען לייענט קאָל, אָבער מען שרייבט **קול**

**ווי אַזוי מען בעט זיך אויס, אַזוי שלאָפט מען.**

# סענדער און בענדער

סענדער און בענדער זיינען געגאַנגען אין גאַס. עס האָט אָנגעהויבן גיסן אַ רעגן.

זאָגט סענדער:

— עפן אויף דיין שירעם. עס רעגנט.

זאָגט בענדער:

—עס וועט ניט העלפן. מיין שירעם איז פול מיט לעכער.

פרעגט סענדער:

— צו וואָס האָסטו אים גענומען?

ענטפערט בענדער:

— איך האָב געמיינט, אַז עס וועט ניט זיין קיין רעגן.

## גרויס — קליין — קלענער

| | בעט | בעטל | בעטעלע | | |
|---|---|---|---|---|---|
| שער | ——— | ——— | בער | ——— | ——— |
| פערד | ——— | ——— | מער | ——— | ——— |

## שרייב אַריין

יו | יע | יאָ | יאַ

—— וני און —— לי זיינען הייסע חדשי —.
—— דן יום-טוב און שבת איז די שול געשלאָס —.
—— דע מעשה האָט אַ סו —.
—— נואַר איז קאַלט, אָבער אין —— לי איז אַ גרויסע הי —.
—— סל לייענט אַ בו —.

ףֿ | ץ | ד | ן | ם



# ווינטער

נאָכן זומער קומט דער ווינטער,
קומט דער ווינטער און באַשפּינט ער
שטיבער, באַרג און פּאַרק און פּלויט
אין אַ שנייאיק ווייסן קלייד.

קינדער לויפן אויף די גליטשן,
מאַכן קונצן, הילכן, קוויטשען,
און דאָס אייז איז בלוי און ווייך,
ווי דער הימל אין דער הויך.

קינדער אין די גרויסע היטלעך
פליען באַרג אַראָפּ אויף שליטלעך
מיט אַ פייף און אַ געשריי,
קוליע, קוליע — און אין שניי.

### שווערע ווערטער:

באַשפּינט ער — he weaves
פּלויט — fence
גליטשן — to skate
שליטלעך — sleds

## מיט פאַרמאַכטע אויגן

אַ מאַמע האָט געפרעגט ביי איר קינד, פאַר וואָס ער שטייט פאַרן שפּיגל מיט פאַרמאַכטע אויגן, האָט איר דאָס קינד געענטפערט:

— איך וויל זען, ווי איך זע אויס, ווען איך שלאָף.

# צום זיידן אויף לאַטקעס

## א

— היינט, זונעלע, וועסטו גיין פרי שלאָפן, ווייל מאָרגן איז דאָס דריטע ליכטל, וועלן מיר גיין צום זיידן אויף לאַטקעס.

אַזוי האָט געזאָגט די מאַמע צום יינגעלע מיטן רינגעלע. און דאָס יינגעלע מיטן רינגעלע האָט שוין געוואוסט, וואָס איז דאָס פאַר אַ דריט ליכטל. ער האָט געוואוסט, אַז עס איז חנוכה, צינדט מען אָן חנוכה-ליכטלעך. יעדן טאָג צינדט מען אָן מיט אַ ליכטל מער, און אַזוי גאַנצע אַכט טעג, ביז עס ענדיקט זיך חנוכה און עס ווערט שוין אויס יום-טוב. און צום דריטן ליכטל, ווייסט דאָס יינגעלע מיטן רינגעלע, גייט מען צום זיידן אויף לאַטקעס. אַלע יאָר אַזוי, זינט ער געדענקט. דער זיידע גיט אים אַ דריידל פון בליי, און ער דרייט דאָס דריידל, און ס'איז אַזוי פריילעך. די באָבע גיט די הייסע לאַטקעס צום טיש און דער זיידע דערציילט מעשות פון חנוכה, אַזעלכע שיינע מעשות!



איז ווי יינגעלע-רינגעלע האָט דערהערט, אַז מאָרגן איז דאָס דריטע ליכטל, און מען וועט ווידער גיין צום זיידן אויף לאַטקעס, האָט ער זיך צעטאַנצט און צעשפרונגען און צעזונגען:

— מאַמע, מאַמע, מאַמינקע!
חנה, חנה, חנוכה!
לאַדע, לאַדע, לאַטקעס
עסן מיר מיט שמאַלץ,
דרייען מיר דאָס דריידל,
דרייט זיך מיט דעם אַלץ.

דאָס דריידל איז פֿון בלײַ,
חנוכּה איז פֿרײַ!

און יינגעלע-רינגעלע האָט געזאָגט „אַ גוטע נאַכט" דער מאַמען און „אַ גוטע נאַכט" דעם טאַטן און איז אַוועק שלאָפֿן.

## ב

שלאָפֿט ער אַזוי און שלאָפֿט, דערמאָנט ער זיך, אַז ער דאַרף גיין אויף יענער זייט טײַך צום מלך אין פּאַלאַץ. גייט ער אַזוי און גייט, ערשט עס קומט אים אַנטקעגן דער זיידע. פֿרעגט אים דער זיידע:

— וואוהין גייסטו?

ענטפֿערט יינגעלע-רינגעלע:

— איך גיי צום מלך אין פּאַלאַץ.

פֿרעגט דער זיידע:

— און צו מיר אויף לאַטקעס גייסטו גאָרניט? עס איז דאָך חנוכּה, שוין דאָס דריטע ליכטל!

ענטפֿערט יינגעלע-רינגעלע:

— ניין, זיידינקע, איך מוז פֿריער גיין צום מלך, ווײַל איך גיי שוין און גיי אַזוי לאַנג צו אים און קאָן אַלץ ניט קומען. דאָרטן, זאָגט מען, איז אַזוי שיין און אַזוי פֿריילעך, ביים מלך.

און דאָס יינגעלע מיטן רינגעלע וויל אַוועקגיין. לאָזט אים דער זיידע ניט גיין און זאָגט צו אים:

— וואַרט נאָר, איך וועל דיר פֿריער דערציילן אַ מעשׂה מיט אַ מלך, וועסטו זען, אַז מיט אַ מלך איז גאָר ניט פֿריילעך.

## ג

און דער זיידע האָט גענומען דערציילן די מעשׂה:

— אַמאָל איז געווען אַ מלך. איז ער געווען אַ בייזער און אַ שלעכטער. האָט ער אַלע יידן געהרגעט און געשלאָגן, אַז מער האָט מען שוין ניט געקענט פֿאַרטראָגן.

איז אויפֿגעשטאַנען איינער, אַ הויכער און אַ שיינער, און האָט געזאָגט צו אַלעמען: „לאָמיר גיין שלאָגן דעם מלך, און ער וועט



שוין מער אונדז ניט שלאָגן!" האָבן אַלע געזאָגט: „לאָמיר גיין, לאָמיר גיין!" און זיי זיינען אַוועק שלאָגן דעם מלך. אָבער דער מלך האָט געהאַט אַ סך סאָלדאַטן מיט האַרמאַטן. איז געוואָרן אַ גרויסע מלחמה צווישן דעם מלכס סאָלדאַטן און די יידן, און מען האָט זיך אַזוי לאַנג געשלאָגן, ביז די יידן האָבן געוואונען און דער מלך איז אַנטלאָפן און מען האָט אים דערנאָך אַ טויטן געפונען. האָבן די יידן זיך געפרייט, וואָס זיי זיינען פטור געוואָרן פון אַזאַ שלעכטן מלך און זיי האָבן געמאַכט אַ יום-טוב חנוכה און אָנגעצונדן ליכטלעך, און עס איז געווען פריילעך אָן דעם מלך. . . .

אָט אַזוי האָט דער זיידע דערציילט, און יינגעלע-רינגעלע איז געשטאַנען און האָט געהערט. און אַז דער זיידע האָט געענדיקט דערציילן, האָט ער געזאָגט צו יינגעלע-רינגעלע:

— זעסט, וואָס עס איז אַמאָל געווען פאַר אַ מעשה מיט אַ מלך? און איצט קום צו מיר אויף לאַטקעס, און איך וועל דיר געבן אַ דריידל אויך.

האָט געזאָגט יינגעלע-רינגעלע:

— גוט, זיידע. איך וועל גיין מיט דיר.

ד

האָבן זיי גענומען גיין, האָט אָבער אינמיטן דערינען גענומען שנייען, און עס האָט געשנייט אַזוי שטאַרק, אַז מען האָט ניט געקענט זען ווי צו גיין. רופט זיך אָן יינגעלע־רינגעלע:

— זיידע, אַ שניי גייט.

מאַכט דער זיידע:

— זאָל ער אויך גיין. דער וועג איז גענוג ברייט און גרויס, אי פאַר מיר, אי פאַר דיר, אי פאַרן שניי. לאָמיר גיין זאַלבעדריט: איך און דו און דער שניי אין דער מיט. און חנוכה איז גוט, אַז ס׳גייט אַ שניי: ס׳איז פריילעכער.

און באַלד האָט זיך פון שניי אַרויס באַוויזן דעם זיידנס הויז, און דער זיידע מיטן אייניקל זיינען אַהין אַריין און זיי האָבן דאָרטן פאַרבראַכט ביזן גרויסן טאָג אַריין.

## שווערע ווערטער:

| | |
|---|---|
| לאַטקעס — pancakes | מלך — king |
| צינדט — lights | בליי — lead |
| דריידל — top | פּאַלאַץ — palace |




## אַרבעט.

(שטעל צו אַ צייכן לעבן ריכטיק אָדער פאַלש)

חנוכה שפּילט מען אין נים. ריכטיק ☐ פאַלש ☐

חנוכה שפּילט מען אין דריידל. ריכטיק ☐ פאַלש ☐

חנוכה איז אַ יום־טוב, ווייל לינקאָלן האָט באַפרייט די נעגער. ריכטיק ☐ פאַלש ☐

חנוכה איז אַ יום־טוב, ווייל די יידן האָבן באַזיגט זייערע שונאים. ריכטיק ☐ פאַלש ☐



# קידער און ווידער

אַז קידער זאָגט : טאָג,
זאָגט ווידער : נאַכט.
אַז קידער זאָגט : שלאָפט,
זאָגט ווידער : ————.

אַז קידער זאָגט : אָרעם,
זאָגט ווידער : רייך.
אַז קידער זאָגט : קרום,
זאָגט ווידער : ————.

אַז קידער זאָגט : לאַנגזאַם,
זאָגט ווידער : שנעל.
אַז קידער זאָגט : טונקל,
זאָגט ווידער : ————.

אַז קידער זאָגט : גרינג,
זאָגט ווידער : שווער.
אַז קידער זאָגט : ווייניקער,
זאָגט ווידער : ————.

(שטעל אַריין : העל, מער, וואַכט, גלייך.)

## איך — ער

| | | | |
|---|---|---|---|
| איך עס. | ער עסט | איך לייען. | ער ———— |
| איך שרייב. | ער ———— | איך לויף. | ער ———— |
| איך שפּיל. | ער ———— | איך פֿאָר. | ער ———— |
| איך זיץ. | ער ———— | איך לערן. | ער ———— |
| איך פֿאַל. | ער ———— | איך שלאָף. | ער ———— |
| איך שטיי. | ער ———— | איך קוק. | ער ———— |

# משה גיך

## א

פאַראַן ביי אונדז אין שול אַ ייִנגל משה, רופט מען אים ניט גלאַט משה, נאָר: משה גיך, משה ווינט, משה עקספּרעס.

פאַר וואָס? ווייל ער איילט זיך און לויפט שטענדיק אַרום פאַר־יאָגט און פאַרהאַוועט און האָט קיין מאָל נישט קיין צייט.

משה איז צען יאָר אַלט, אָבער ער זעט אויס ניט מער ווי זיבן. פאַר וואָס? ווייל ער וואַקסט נישט.

פרעגט מען אים:

— משה, דו וואַקסט דאָך גאָר ניט?

— איך האָב נישט קיין צייט — זאָגט ער.

משה גיך האָט אַ שוועסטער שרה, איז זי עלטער פון אים מיט צוויי יאָר, און אַז ער קריגט זיך מיט איר, זאָגט ער איר אַלע מאָל:

— וועסט זען, אַז איך וועל זיך געבן אַן אייל צו, וועל איך זיין דער עלטערער און דו די ייִנגערע...

— ווי אַזוי?

— איך הייס משה גיך, איך קען אין איין יאָר אָניאָגן דריי.

## ב

משה איז טאַקע אַ גיכער, משה איז טאַקע אַ ווינט; ער רעדט גיך, עסט גיך, לייענט גיך, שלאָפט גיך.

איין מאָל שטייט משה אויף זייער פרי. פרעגט מען אים:

— וואָס אַזוי פרי?

— איך איל זיך, איך וויל ניט פאַרשפּעטיקן אין שול.

משה טוט זיך אָן גיך־גיך און פאַרבייט די שיך. טוט אָן דעם רעכטן שוך אויפן לינקן פוס, דעם לינקן שוך אויף דעם רעכטן פוס, דאָס רעקל אויף דער לינקער זייט.

— משה — זאָגט די מאַמע — זע נאָר ווי אַזוי דו האָסט אָנגעטאָן די שיך.

— לאָז שוין זיין היינט אַזוי — זאָגט ער — איך איל זיך...



פאַרשטייט זיך, אַז די מאַמע לאָזט אים נישט אָפּ און ער מוז איבערבייטן די שיך און איבערדרייען דאָס רעקל. בייזערט ער זיך און שרייט:

— כ׳וועל שוין היינט פאַרשפּעטיקן אין שול...

מיטן וואַשן איז ווידער דאָס זעלבע: משה טוט אַ נעץ איין איין באַק און זאָגט:

— שוין אָפּגעוואַשן.

— ווען וועסטו וואַשן די אַנדערע באַק? — פרעגט אים די מאַמע.

— שפּעטער. איך האָב קיין צייט ניט...

משה מוז זיך גוט אַרומוואַשן און אויך זיך רייניקן די ציין, אָפּפּוצן די קליידער, די שיך און ער איילט זיך און זאָגט:

— מאַמע, אפשר וועט זיין גענוג אָפּצופּוצן דערווייל איין שוך?

— און מיטן צווייטן וואָס וועט זיין?

— דעם צווייטן וועל איך אָפּפּוצן מאָרגן.

די מאַמע לאַכט:

— מאָרגן וועסטו פּוצן נאָך אַמאָל...

## ג

פון איילעניש קומט קיין גוטס ניט אַרויס און פונקט דאַן, ווען משה שטייט אויף פרי, פאַרשפּעטיקט ער ערשט אין שול. ער קומט אין שול אַריין אין מיטן דער לעקציע און ווען דער לערער פרעגט אים, פאַר וואָס ער האָט פאַרשפּעטיקט, ענטפערט ער:

— כ׳האָב זיך געאיילט...

— אַז דו האָסט זיך געאיילט, האָסטו דאָך געדאַרפט קומען פריער ווי אַלע?

משה שווייגט. משה שעמט זיך צו דערציילן, וואָס עס האָט מיט אים פּאַסירט, און אַלע קינדער לאַכן פון אים.

— משה גיך קומט דער לעצטער...
— משה עקספרעס פאַרשפעטיקט זיך...
— משה ווינט איז קיין מאָל נישטאָ צו דער צייט...

## ד

אין שטוב האָט אויך די מאַמע פון אים גרויסע צרות. איין מאָ
זאָגט זי אים:

— משה, גיי ברענג מיר פון שפּייז-קרעמל 3 פונט צוקער.

הערט נישט משה מער ווי דאָס ערשטע וואָרט, כאַפּט די פּי
אין די הענט אַריין און לויפט.

די מאַמע שרייט אים נאָך:

— משה! משה ווינט!

אָבער משה איז שוין נישטאָ. משה איז שוין אויף דער גאַס.

גייט נישט דורך קיין צוויי מינוט און ער איז דאָ צוריק:

— מאַמע, נאָך וואָס האָסטו מיך געשיקט?

— כ'האָב דיך געשיקט נאָך צוקער...

די מאַמע וויל אים זאָגן וויפיל צוקער, אָבער משה איז שוי
ווידער נישטאָ. משה פליט שוין ווי אַן עקספרעס איבער דער גאַ
און דרייט מיט די הענט ווי אַ ווינט-מיל. אים דוכט זיך, אַז ער אי
אַ לאָקאָמאָטיוו און פליט איבער פעלדער און וועלדער און מאַכט:

— טראַטאַטאַ, טראַטאַטאַ!

אַוודאי גייט נישט פאַרביי קיין מינוט און משה איז דאָ צורי
מיט ליידיקן:

— וויפיל פונט צוקער?

## ה

די מאַמע איז בייז:

— עס איז דאָך נישט אויסצוהאַלטן פון דיר! וואָס ביסטו גע
לאָפן? גיי ברענג 3 פונט צוקער...

איידער די מאַמע פאַרענדיקט אירע רייד, איז שוין משה אויף
דער גאַס, און ער לויפט און כאַזערט זיך:

— 3 פונט צוקער! 3 פונט צוקער!

אין אַ סעקונדע אַרום — ער איז ווידער דאָ צוריק...

— און געלט?

— נאָ דיר אַ דאָלער און ברענג . . .



משה כאַפּט דעם דאָלער און לויפט אַרויס און די מאַמע שרייט אים נאָך:

— משה! משה!

אָבער משה איז שוין ווידער אויף דער גאַס.

אין אַ פּאָר סעקונדן אַרום, משה איז שוין ווידער דאָ.

— וואָסער צוקער? שטיקלעך, צי געמאָלענעם?

די מאַמע זעט, אַז זי וועט שוין פון דעם בחור נישט אַרויסקריכן, כאַפּט זי אים אָן, האַלט אים צו פעסט און זאָגט:

— ברענג מיר 3 פונט געמאָלענעם צוקער פאַר דרייסיק סענט, גיב אַ דאָלער און נעם זיבעציק סענט רעשט, פאַרשטאַנען?

— יאָ — זאָגט משה און וויל שוין לויפן, אָבער די מאַמע האַלט אים פעסט.

— זאָג מיר איבער, וואָס האָב איך דיך געהייסן קויפן?

— האָסט מיך געהייסן קויפן אַ דאָלער פאַר זיבעציק סענט און נעמען 3 פונט געמאָלענעם צוקער אַ רעשט...

— משה גיך! משה ווינט! — זאָגט די מאַמע — 3 פונט געמאָלענער צוקער פאַר דרייסיק סענט און זיבעציק סענט רעשט.

— קויפן דרייסיק געמאָלענע סענט פאַר אַ דאָלער און נעמען זיבעציק פונט צוקער רעשט — זאָגט משה.

די מאַמע זעט, אַז זי וועט שוין מיט משהן גאָר נישט מאַכן, לאָזט זי אים צורו און גייט אַליין אין קרעמל אַריין.

אָט אַזאַ מענטש איז משה גיך.

## שווערע ווערטער:

| | |
|---|---|
| פאַרהאַוועט און פאַריאָגט — very busy | איבערבייטן — to change |
| | שפּייז־קרעמל — grocery |
| | בחור — boy |
| סטראַשעט — threatens, warns | רעשט — change |

## פראַגעס:

ווען משה גיך וואָלט געהייסן משה קריך, וואָלט ער געקומען פרי, צי ער וואָלט פאַרשפּעטיקט אין שול אַריין?

וואָס איז בעסער — אַ משה גיך, צי אַ משה קריך?

וואָס וואָלט פּאַסירט, ווען דער יינגל הייסט משה קריך? טראַכט צו אַ מעשה וועגן משה קריך.

**פון איילעניש קומט קיין גוטס ניט אַרויס.**

### מאַך פון איינס — אַ סך

| | | |
|---|---|---|
| וואַנט — ווענט | שטאָט — שטעט | קנאָפּ — ______ |
| האַנט — ______ | קאָפּ — ______ | קאָץ — ______ |
| טאָג — ______ | נאַכט — ______ | באַנק — ______ |

| אין יידיש זאָגט מען: | אין ענגליש זאָגט מען: |
|---|---|
| איך זוך מיין מוטער | I am looking for my mother |
| זי זוכט איר בוך | She is looking for her book |
| מיר זוכן דעם לערער | We are looking for the teacher |
| ער זוכט זיין פריינט | He is looking for his friend |

### הונט — הינטל — הינטעלע

(שרייב אריין „דאָס")

| | | |
|---|---|---|
| דער הונט | דאָס הינטל | דאָס הינטעלע |
| דער וואַלד | —— וועלדל | —— וועלדעלע |
| די מויז | —— מייזל | —— מייזעלע |
| די האַנט | —— הענטל | —— הענטעלע |
| דאָס אויג | —— אייגל | —— אייגעלע |
| דאָס בוך | —— ביכל | —— ביכעלע |
| די שטאָט | —— שטעטל | —— שטעטעלע |

## שטיפּערייען



אַ שפּילקע האָט אַ קאָפּ,
אָבער קען ניט קלערן.
אַ נאָדל האָט אַן אויער,
אָבער קען ניט הערן.

אַ טיש האָט פּיס,
אָבער קען ניט גיין.
אַ טשייניק האָט אַ פּיסק,
אָבער ניט קיין ציין.

אַ שירעם האָט אַ הענטל,
אָבער ניט קיין פינגער.
אַ גלאָק האָט אַ צינגל,
איז אָבער ניט קיין זינגער.



אַ ווינט-מיל האָט פליגל,
אָבער קען ניט פליען.
אַ בעט האָט פּיס,
אָבער קען ניט קניען.

וואַסער לויפט,
אָבער האָט ניט קיין פיס.
אַ בין גיט האָניק,
איז אָבער אַליין ניט זיס.

קישנס האָבן פעדערן,
אָבער זיינען ניט קיין פייגל.
נעצן האָבן לעכער,
אָבער זיינען ניט קיין בייגל.



# דער עכאָ

אַ הויז שטייט לעבן אַ באַרג. די מוטער זיצט ביים פענצטער. דער עכאָ באַהאַלט זיך אין באַרג. אַ ייִנגעלע קומט זיך שפּילן.

.1

יאַנקעלע: פאַרטיק מיט מיין אַרבעט! פאַרטיק מיט מיין אַרבעט! הוראַ! הוראַ!

עכאָ: הוראַ! הוראַ!

יאַנקעלע: ווער איז דאָרט?

עכאָ: ווער איז דאָרט?

יאַנקעלע: איך קום פון באַרג. ווער ביסטו?

עכאָ: ווער ביסטו?

יאַנקעלע: איך בין יאַנקעלע.

עכאָ: איך בין יאַנקעלע.

יאַנקעלע: דו ביסט ניט יאַנקעלע.

עכאָ: דו ביסט ניט יאַנקעלע.

יאַנקעלע: איך בין יאָ.

עכאָ: איך בין יאָ.

יאַנקעלע: דו זאָגסט אַ ליגן.

עכאָ: דו זאָגסט אַ ליגן.

יאַנקעלע: קרים מיר ניט איבער.

עכאָ: קרים מיר ניט איבער.

יאַנקעלע: דו ביסט אַ שלעכטער ייִנגל.

עכאָ: דו ביסט אַ שלעכטער ייִנגל.

יאַנקעלע: גיי אַוועק פון דאַנען!

עכאָ: אַוועק פון דאַנען!

מוטער: יאַנקעלע, וואָס שרייסטו אַזוי?

## 2.

יאַנקעלע: מאַמע, אַ ייִנגעלע האָט זיך באַהאַלטן אין באַרג. ער קרימט מיר איבער און רופט מיך צונעמען.

מוטער: וואָס האָסטו אים געזאָגט?

יאַנקעלע: איך האָב אים געזאָגט, אַז ער איז אַ שלעכט ייִנגל, אים געהייסן זײַן שטיל און אַוועקגיין פֿון דאַנען.

מוטער: רייד צו אים גוט, וועסטו הערן, וואָס ער וועט דיר ענטפֿערן.

## 3.

יאַנקעלע: וואָס מאַכסטו, ייִנגעלע?

עכאָ: וואָס מאַכסטו, ייִנגעלע?

יאַנקעלע: לאָמיר זײַן גוטע פֿרײַנט.

עכאָ: זײַן גוטע פֿרײַנט.

יאַנקעלע: גוט!

עכאָ: גוט!

יאַנקעלע: קום אַריבער און שפּיל זיך מיט מיר.

עכאָ: שפּיל זיך מיט מיר.

יאַנקעלע: איך קען ניט. איך מוז דאָ שטיין.

עכאָ: איך מוז דאָ שטיין.

יאַנקעלע: נו, לאָמיר רעדן פֿון דער ווײַט.

עכאָ: רעדן פֿון דער ווײַט.

יאַנקעלע: וועסט מיר שטענדיק ענטפֿערן, אַז איך וועל דיך רופֿן?

עכאָ: ענטפֿערן, אַז איך וועל דיך רופֿן?

יאַנקעלע: אַוודאי וועל איך.

עכאָ: אַוודאי וועל איך.

מוטער: יאַנקעלע, קום אַרײַן עסן מיטאָג.

יאַנקעלע: איך מוז שוין גיין.

עכאָ: מוז שוין גיין.

יאַנקעלע: אַ גוטן טאָג! ביסט אַ גוט ייִנגעלע.

עכאָ: ביסט אַ גוט ייִנגעלע.

יאַנקעלע: מאַמע, איך האָב געטאָן אַזוי ווי דו האָסט מיך געהייסן. איך האָב צו אים גערעדט גוט און איצט זײַנען מיר גוטע פֿרײַנט.

מוטער: ווי דו רעדסט צו אים, אַזוי וועט ער דיר ענטפֿערן.

**וואָס פֿאַר אַ גוט מאָרגן — אַזאַ גוט יאָר.**



# קידער און ווידער

אַז קידער זאָגט — יאָ,
זאָגט ווידער — ניין.
אַז קידער זאָגט — גרויס,
זאָגט ווידער — ————.

אַז קידער זאָגט — אַלט,
זאָגט ווידער — ניי.
אַז קידער זאָגט — שוואַרץ,
זאָגט ווידער — ————.

אַז קידער זאָגט — אפשר,
זאָגט ווידער — זיכער.
אַז קידער זאָגט — לאַנגזאַם,
זאָגט ווידער — ————.

אַז קידער זאָגט — שלאָפן,
זאָגט ווידער — וואַכן.
אַז קידער זאָגט — וויינען,
זאָגט ווידער — ————.

(שטעל אַריין: לאַכן, גיכער, קליין, ווייס.)

## אַ רעטעניש

גלאַט ווי סאַמעט,
ווייס ווי שניי.
מען קוקט זיך איין —
זעט מען צוויי.

א שפיגל

## איצט — פריער

(שרייב אַריין „בין")

איך גיי. איך בין געגאַנגען.
איך זיץ. איך — געזעסן.
איך שטיי. איך — געשטאַנען.
איך פאָר. איך — געפאָרן.

איך פלי. איך — געפלויגן
איך קום. איך — געקומען
איך לויף. איך — געלאָפן.
איך פאַל. איך — געפאַלן.

# אַך און ווײ

געוועזן אַמאָל שלימאַזלען צוויי:
איינער אַך און איינער ווײ.
איז געקומען ווײ צו אַכן:
— ס׳איז מײַן שטיבעלע צעבראָכן,
כ׳האָב ניט, נעבעך, וואו צו זײַן,
כ׳וויל צו דיר אין שטוב אַרײַן.

רופט זיך אָנעט אַך צו ווייען:
— אין מײַן שטיבל ווינטן דרייען,
און ס׳איז קאַלט בײַ מיר און נאַס,
לאָמיר וואוינען אויף דער גאַס.

זיצן זיי,
אַך און ווײ,
אין אַ שטיבעלע פון שניי.

נעמען בײדע, ווײ מיט אַכן,
אין אַ טשייניק טיי צו קאָכן.
האָט דאָס פייער זיך צעברענט,
רינען טײַכלעך פון די ווענט.

איז אַ טײַכעלע געפלאָסן,
האָט דאָס אויוועלע פאַרגאָסן,
און דאָס פייער לעשט זיך אָפּ,
און דער טשייניק פאַלט אַראָפּ.

זיפצן זיי,
אַך און ווײ,
ניט קיין טשייניק, ניט קיין טיי.

## הויז־זאַכן



| 6 | 5 | 4 | 3 | 2 | 1 |
|---|---|---|---|---|---|

**פּאַס צו דעם נאָמען פון דער זאַך צו דעם נומער און שרייב זיי אַרײַן אין דײַן העפט.**

טישטעך. הויז. גלאָז. טשייניק. שאָל. אויוון.

**אַז ס׳איז ניטאָ אין טאָפּ, איז ניטאָ אין טעלער.**

# דאָס הינטל טאָמי

איין פֿרימאָרגן איז אין די קעטסקיל בערג, לעבן האָדסאָן, געקומען אַ יעגער פֿון אַלאַסקאַ באַזוכן זיינע פֿריינט. ער האָט מיט זיך מיטגעבראַכט אַ שיינעם ווייס-געלן שניי-הונט, וואָס האָט געהייסן פֿרעדי.

פֿרעדי האָט געבוירן אַכט הינטלעך. אַלע האָבן אויסגעקוקט ווי זייער מאַמע פֿרעדי.

פֿרעדי האָט קיין מאָל אין איר לעבן ניט געזען קיין אָטאָמאָביל. זי איז אַמאָל אַרויס אַ קוק טאָן אויף דער נייער היים. און פּלוצלונג קומט אַזאַ גרויסער מאָנסטער מיט רויך און מיט אַ שאַרפֿן האָרן, וואָס קוויטשעט אַזוי אין די אויערן.

פֿרעדי האָט זיך אַ לאָז געטאָן הינטער דעם שוואַרצן אָטאָמאָביל און — אוים אָרעמע פֿרעדי!

די הינטעלעך זיינען געבליבן אָן אַ מאַמען. איך האָב די אַכט הינטעלעך גענומען צו זיך אַהיים.

ווען מיר האָבן געמוזט צוריקפֿאָרן אין שטאָט, קיין ניו יאָרק, האָבן מיר זיבן הינטעלעך פֿאַרטיילט צווישן פֿריינט. איינס אָבער, טאָמין, האָבן מיר געהאַלטן פֿאַר זיך.

מיר האָבן טאָמין געלערנט: „זיץ רואיק”, „שווייג”, „לייג זיך אַוועק”, און אַנדערע זאַכן, און טאָמי איז געוואָרן אַ גוטער, קלוגער און געטרייער הונט.

ווען ער איז אַלט געווען דריי פֿערטל יאָר, זיינען מיר ווידער געקומען אין די בערג.

איין פֿרימאָרגן, ווען די זון האָט שטאַרק געברענט, בין איך געלעגן אויף אַ בערגל. טאָמי איז געזעסן לעבן מיר.

פּלוצלונג האָבן זיך זיינע האָר אויפֿגעשטעלט. ער איז אויפֿגעשפּרונגען, האָט אָנגעהויבן בילן און האָט זיין מאָרדע אַ לאָז געטאָן צו דער ערד לעבן אַ גרויסן שטיין. איך האָב זיך אויך אַ הויב געטאָן.

איך האָב דערזען אַ געל-שוואַרצע שלאַנג, וואָס האָט איר אָפֿן מויל געצילט אויף טאָמין און טאָמי האָט איר גאַנץ קונציק געגעבן קלעפּ מיט דער פֿאָדערשטער לאַפּע אין קאָפּ. נאָך יעדן קלאַפּ איז ער אָפּגעשפּרונגען אויף צוריק.



אונטערן בערגל, אויפֿן פֿעלד, האָט געאַרבעט אַ פֿאַרמער מיט זיין זון. איך האָב צו זיי געשריען:

— אַ שלאַנג! אַ שלאַנג!

דער פֿאַרמער מיט זיין זון זיינען אַנגעלאָפֿן. דער פֿאַרמער האָט געבראַכט אַ ביקס. דער זון האָט טאָמין אַוועקגענומען אין אַ זייט און אים צוגעהאַלטן און דער פֿאַרמער האָט דערשאָסן די שלאַנג. טאָמי האָט זיך געריסן צו איר, אָבער מ'האָט אים געהאַלטן. די שלאַנג איז שוין געווען טויט, נאָר איר עק האָט זיך נאָך אַלץ געוואָרפֿן.

טאָמי האָט איינגעשטעלט זיין לעבן און מיך געראַטעוועט פֿון טויט. איך האָב אים דערפֿאַר נאָך מער ליב געקראָגן.

## שווערע ווערטער:

| | |
|---|---|
| יעגער — hunter | פֿאָדערשטער — front |
| בילן — bark | לאַפּע — paw |
| שלאַנג — snake | ביקס — gun |
| קונציק — clever | געראַטעוועט — saved |

**אַ גאַסט אויף אַ ווייל זעט אויף אַ מייל.**

## גרויס — קליין — קלענער

די האַנט — דאָס הענטל — דאָס הענטעלע

די וואַנט ____________ ____________

דער קאָפּ ____________ ____________

דער קנאָפּ ____________ ____________

די שטאָט ____________ ____________

דער וואַלד ____________ ____________



# יונגע בויער

מיר זיינען יונגע בויער,
בויען מיר אַ הויז;
איינער ברענגט דעם ליים,
אַ צווייטער קנעט דאָס אויס.

אַ דריטער לייגט די ציגל,
וואַקסן הויך די ווענט.
איז אַ פרייד צו קוקן,
ווי די אַרבעט ברענט.

אַ פרייד איז יעדער ציגל,
יעדער נייער שטיין,
יעדער טראָפּן שוויים
פאַר אונדזער נייער היים.

ווערט דאָס גאַנצע הויז
באַשטראַלט פון זון און שיין.
איז אַ פרייד אַזאַ
אַ בויער צו זיין.

שווערע ווערטער:

ליים — clay
ציגל — brick
טראָפּן — drop
שוויים — sweat

## פיל אויס די ווערטער

| | | | |
|---|---|---|---|
| יאָ | ——נע | ——ני | ——נגע |
| יאַ | ——נואַר | ——גער | ——כל |
| יו | ——לי | ——נקל | ——דען |
| יע | ——סל | ——דער | ——נעם |

# ס'אַ ליגן, ס'אַן אמת

אַמאָל איז געווען אַ קייסער, האָט ער געלאָזט וויסן איבערן גאַנצן לאַנד, אַז ווער ס'וועט קומען און אים דערציילן אַ זאַך, אַז ער זאָל אויסשרייען: ס'אַ ליגן — דעם גיט ער אַוועק אַ האַלבע מלוכה.

קומט צו גיין אַ יונגער פּאַסטעך.

— וואָס ווילסטו עפּעס זאָגן גוטס? — פרעגט ביי אים דער קייסער.

ענטפערט דער פּאַסטעך:

— גאָרנישט, גלאַט אַזוי! ביי מיר איז געווען אַ זיידע, האָט ער געהאַט אַזאַ לאַנגע בייטש, אַז אַלע מאָל, ווען ער פלעג זי אויפהויבן ביים טרייבן די שאָף, פלעג ער פאַרטשעפּען די שטערן אויפן הימל און זיי איבערמישן צווישן זיך.

— טאָקע גאָרנישט שלעכט — האָט אים דער קייסער געענטפערט — ביי מיין זיידן איז געווען אַ ליולקע, פלעג ער צו איר פאַרשפּאָרן שוועבעלעך, ווייל די ליולקע איז געווען אַזוי לאַנג, אַז דער זיידע פלעג זי פאַררויכערן ביי דער זון.

זעט דער פּאַסטעך, אַז ס'וועט שוין גאָרנישט זיין, גייט ער אַוועק מיט גאָרניט.

אויף מאָרגן קומט צו לויפן אַ שניידער, דאַר און קוואַר. אַ פאַרסאָפּעטער, ווי נאָך אַ שווערער אַרבעט, און האָט גלייך גענומען דערציילן:

— אַנטשולדיק, קייסער, וואָס איך האָב פאַרשפּעטיקט. איך האָב נאָך נעכטן געוואָלט קומען, האָט אָבער אויסגעבראָכן אַ שטורעם און דער הימל איז צעריסן געוואָרן פון די בליצן, און אַז מע האָט מיך



גערופן, האָב איך נישט געקאָנט אָפּזאָגן און געמוזט דאָרטן שטיין דעם גאַנצן טאָג און פאַרנייען די שפּאַלטן.

— דאָס איז זייער פיין פון דיין זייט — האָט אים דער קייסער גלייך אויפן אָרט געענטפערט — נאָר, אַז דו האָסט שוין יאָ גענייט, האָסטו געמעגט נייען בעסער אַ ביסל, וואָרעם אָט־אָ קאַפּעט אין דרויסן. אַ סימן, אַז ס'זיינען נאָך געבליבן לעכער.

זעט דער שניידער, אַז ס'וועט שוין גאָרנישט זיין, גייט ער אַוועק מיט גאָרניט.

אין אַ קורצער צייט אַרום קומט צו גיין צום קייסער אַ פּויער מיט אַ ליידיק זעקל אונטערן אָרעם.

— וואָס ווילסטו עפּעס זאָגן גוטס ? — פרעגט דער קייסער.

— איך — ענטפערט דער פּויער — בין געקומען ביי דיר איינמאָנען דאָס זעקל געלד, וואָס דו האָסט ביי מיר געליען.

— ווער ? איך ? — האָט זיך דער קייסער מיט אַ מאָל צעשריען — ס'אַ ליגן ! ! ! איך האָב ביי דיר קיין מאָל קיין שום זאַכן נישט געליען.

— ס'אַ ליגן ? . . . — האָט דער פּויער געענטפערט — טאָ, דערלאַנג אַהער אַ האַלבע מלוכה.

דאָ האָט דער קייסער פאַרשטאַנען, וואָס ער האָט אָפּגעטאָן, האָט ער גענומען גלעטן דעם פּויער און שמייכלען צו אים, ווי אַ שולדיקער :

— אוי, אוי, ליבינקער, טייערינקער, אַנטשולדיק מיר, כ'האָב גאָר פאַרגעסן ! ס'אַן אמת, ס'אַן אמת . . .

— ס'אַן אמת ? — זאָגט דער פּויער — טאָ גיב טאַקע אַהער דאָס זעקל געלד.

## שווערע ווערטער :

| | |
|---|---|
| קייסער — king | שטערן — stars |
| מלוכה — kingdom | שוועבעלעך — matches |
| פּאַסטעך — shepherd | דאַר און קוואַר — very thin |
| בייטש — whip | בליצן — lightnings |
| שאָף — sheep | ליידיק — empty |

### העברייאישע ווערטער

מען לייענט עפּשער, אָבער מען שרייבט **אפשר**

מען לייענט שאַבעס, אָבער מען שרייבט **שבת**

מען לייענט מוישע, אָבער מען שרייבט **משה**

מען לייענט עמעס, אָבער מען שרייבט **אמת**



# די זון האָט פאַרשלאָפן

ס'האָט די זון, די ליבע זון,
אַ ביסעלע פאַרשלאָפן היינט.
ווײ, וואָס דאָרט האָט זיך געטאָן! —
ס'האָט דער הימל זיך צעוויינט.

ס'האָבן ווינטן זיך צעיאָמערט,
רעגנס האָבן זיך צעשפּריצט.
ס'האָב דונערס זיך צעדונערט,
ס'האָבן בליצן זיך צעבליצט.

ס'האָבן כוואַליעס זיך צעהוליעט,
זיך צעשפּריצט מיט ווייסן שוים.
ס'האָבן פייגל זיך געטוליעט,
אין די נעסטן, אויפן בוים.

ס'האָט זיך אַלץ אַ ריר געטאָן.
אַ קלייניקייט, וואָס ס'האָט געטראָפן!
ס'האָט די זון, די ליבע זון,
אַ ביסעלע זיך היינט פאַרשלאָפן...

## שווערע ווערטער:

צעיאָמערט — צעוויינט
דונערס — thunders

צעהוליעט — געוואָרן פריילעך
שוים — foam

# אַלע ווילן עסן

פּאַרלאָפֿן האָט זיך די מעשה ביי אַ יידישן פּאַרמער אין די קעטסקיל-בערג.

דער פּאַרמער מאָרים האָט זיך אַרומגעוואַשן, זיך געזעצט צום טיש אין קיך, קיין סך האָט ער אָבער ניט געגעסן, ווייל איצט, אין נאָוועמבער, האָט ער קיין סך אַרבעט אין פעלד ניט געהאַט. און ווען ער האָט קיין סך ניט געאַרבעט, פלעגט ער ווינציק עסן. אַזאַ נאַטור געהאַט.

די פּאַרמערקע האָט צעוואַשן דאָס געפעס און אַריינגעוואָרפן דאָס איבערגעבליבענע פון די טעלער אין אַ גרויסן טאָפּ אַריין. זי איז געווען אַ גוטע קעכין, און פון איר שפּייז האָבן געהאַט פאַרגעניגן אויך די, וואָס פלעגן עסן אין דרויסן.

דאָס זיינען געווען: דער הונט לאַרדזשי, די קאַץ מיט אירע קעצלעך און די הינער.

לאַרדזשי איז געווען אַ דייטשישער פּאָליציי-הונט, אַ געלער, מיט ווייסע פּאַסן אויפן בויך און אויף די פיס. ער האָט זיך פאַרדינט זיין שפּייז. ווען די צוויי ווייסע פערד האָבן געאַקערט, פלעגט לאַרדזשי לויפן ביי די זייטן און זען, אַז זיי זאָלן גיין אין אַ גלייכער ליניע. אַז מע האָט געדאַרפט אַריינטרייבן די קי אין שטאַל, איז לאַרדזשי געווען אויפן פּלאַץ און געהאָלפן.

די פּאַרמערקע האָט אַרויסגעשטעלט דעם טאָפּ מיטן עסן. לאַרדזשי איז גלייך ווי פון אונטער דער ערד אויסגעוואַקסן. ער האָט אַ לאָז געטאָן זיין ווייכע רויטע צונג אין דער אַרבעט.

לאַרדזשי האָט ניט באַמערקט, ווי ער איז אַרומגערינגלט געוואָרן פון דער קאַץ און אירע פינף קעצלעך. איין קעצל האָט געוואָלט זיין קליגער פון דער מאַמען און זיך צוגעשאַרט אַ ביסל נעענטער צום טאָפּ. לאַרדזשי האָט עס דערפילט, געגעבן אַ בורטשע און מיטן קאָפּ אַ דריי געטאָן אויף „ניין!" קיינער זאָל ניט וואַגן צוגיין!

זייענדיק פאַרטאָן אין עסן, האָט לאַרדזשי ניט באַמערקט. אַז הינטער די קעץ שטייען פיר הינער מיט זייערע הינדלעך. זיי האָבן אַרומגערינגלט די קעץ, אויסגעשטרעקט זייערע פּיקערס, גרייט זיך אַ לאָז צו טאָן צום טאָפּ.

דאָס יינגסטע פון די הינדלעך איז, ווייזט אויס, געווען זייער הונגעריק און עס האָט געמאַכט אַ טראָט פאָרויס. דאָס האָט שוין



די קאַץ ניט געקאָנט פאַרליידן און מיט דער לאַפּקע געגעבן אַ גראַבל דעם הינדל אין פּנים אַריין.

אין טאָפּ איז שוין גאָרנישט געבליבן. לאַרדזשי האָט אַרויס־גענומען דעם קאָפּ און זיך באַלעקט. ער האָט געטאָן אַ לאַנגן גענעץ און פולערהייט אַוועקגעשפּאַצירט אויפן וועג.

ערשט איצט האָבן זיך די קעצלעך מיט זייער מוטער אַ לאָז געטאָן צום טאָפּ. זיי זיינען געווען אַזוי פאַרנומען, אַז זיי האָבן ניט באַמערקט, ווי די הינער האָבן אַרומגערינגלט דעם טאָפּ און זיך געקליבן אַריינשטעקן זייערע קעפּלעך. בלויז ווען איין הינדל האָט געוואָלט אַריינשטעקן איר קעפּל, האָט זיך פון טאָפּ אַ הויב געטאָן אַ לאַפּקע פון אַ קעצל און דערלאַנגט אַ פּעטשל דעם הינדל.

דאָס הינדל איז אָפּגעטראָטן.

ענדלעך זיינען די קעצלעך פאַרטיק געוואָרן. דער טאָפּ האָט געשיינט פון ריינקייט.

ערשט איצט זיינען די הינדלעך צוגעלאָפן און האָבן אַריינגע־שטעקט זייערע פּיקערס. וואָס זיי האָבן געפּיקט איז שווער געווען צו זען, נאָר זיי זיינען געווען שטאַרק פאַרנומען. עס האָט זיך בלויז געהערט דער קלאַנג אויפן מעטאַל.

אויך זיי זיינען פאַרטיק געוואָרן.

אַ רעגנדל האָט אָנגעהויבן שפּריצן. די קעצלעך האָבן זיך אויס־געצויגן אונטערן נאָדלבוימל. די הינדלעך האָבן זיך אויך אַוועק־געשטעלט אונטער אים. לאַרדזשי האָט זיך באַוויזן. דערזען, אַז פאַר אים איז קיין פּלאַץ ניט געבליבן, איז ער אַוועק מיט אַן אַראָפּ־געלאָזטן עק.

די טראָפּנס רעגן האָבן געפּייקלט אין ליידיקן טאָפּ, ווי זיי וואָלטן גערופן עמעצן, אַז מע זאָל אים אָנפילן מיט שפּייז פאַר די קעצלעך און הינער.

### שווערע ווערטער:

געפעס — dishes
קעכין — cook
פאַרגעניגן — pleasure
ליניע — line

שטאַל — barn
גראַבל — scratch
גענעצן — yawn

## אַרבעט

**פיל אויס די זאַצן מיט די ווערטער:**

• שבת. חודש. מעשה. פנים. מורא.

דער לערער דערציילט אַ ———.
משה האָט ——— צו זיין אַליין אין הויז.
יאַנקל האָט זיך אויסגעשמירט דאָס ———.
די ענגלישע שול איז ——— און זונטיק פאַרמאַכט.
מיין טאַטע איז געבוירן געוואָרן אין ——— יאַנואַר.

### ביז וויפיל קענסטו ציילן?

שרייב איבער אין העפט און שרייב אַריין די ציפערן לעבן די ווערטער:

פיר און דרייסיק —. זעקס און צוואַנציק —. אַכט און דרייסיק —.
פינף און צוואַנציק —. איין און דרייסיק —. זיבן און צוואַנציק —.
ניין און דרייסיק —. איין און צוואַנציק —. זעקס און דרייסיק —.
צוויי און צוואַנציק —. ניין און צוואַנציק —. דריי און דרייסיק —.
אַכט און צוואַנציק —. צוויי און דרייסיק —. פיר און צוואַנציק —.
פינף און דרייסיק —. דריי און צוואַנציק —. זיבן און דרייסיק —.
איין און צוואַנציק —. פערציק —. דרייסיק —.

## נאָר איין קאָפּ

די מאַמע האָט געזען ווי סעמי רעכנט אויף די פינגער, זאָגט זי צו אים:

— ניט שיין, סעמי, אַזאַ ייִנגעלע ווי דו דאַרף שוין ניט רעכענען אויף די פינגער, ער דאַרף שוין רעכענען אויפן קאָפּ.

רופט זיך אָפּ סעמי:

— מאַמע, איך האָב דאָך נאָר איין קאָפּ.



# קידער און ווידער

אַז קידער זאָגט: מיאוס,
זאָגט ווידער: שיין.
אַז קידער זאָגט: גרויס,
זאָגט ווידער: ———.

אַז קידער זאָגט: ס'אַ פרייד,
זאָגט ווידער: ס'אַ טרויער.
אַז קידער זאָגט: ס'איז זיס,
זאָגט ווידער: ס'איז ———.

אַז קידער זאָגט: ס'אַ טומל,
זאָגט ווידער: ס'איז שטיל.
אַז קידער זאָגט: ס'איז וואַרעם,
זאָגט ווידער: ס'איז ———.

אַז קידער זאָגט: יונג,
זאָגט ווידער: אַלט.
אַז קידער זאָגט: הייס,
זאָגט ווידער: ———.

## אין יידיש זאָגט מען:

איך גיי אין דער יידישער שול
איך פאָר קיין באָסטאָן
וואַרט אויף דער מאַמען
איך זוך דעם לערער

## אין ענגליש זאָגט מען:

I attend the Jewish school
I'm going to Boston
Wait for mother
I'm looking for the teacher

### דער — די — דאָס

| | | |
|---|---|---|
| —— פענצטער | —— הויז | —— בילד |
| —— דיל | —— לאָמפּ | —— בעט |
| —— סטעליע | —— שפּיגל | —— שאַפע |

# טאָני און זיין הונט

טאָני איז אַ קליין איטאַליעניש יינגל. ער האָט אַ סך ברידערלעך און שוועסטערלעך. זיי לויפן אַרום אָפּגעריסענע און הונגעריקע.

טאָני האָט אַ קליין הינטל. ווען ער איז הונגעריק, נעמט ער דאָס הינטל אויף די הענט און רעדט צו אים, ווי צו אַ חבר:

— זעסט, מיר הונגערן.

איינמאָל הערט טאָני, ווי די מאַמע זאָגט צום טאַטן:

— כ'האָב אויף קיין ברויט נישט אויף מאָרגן.

טאָני האָט עפּעס פאַרטראַכט:

ער וועט אַרויס אין גאַס און פאַרקויפן זיין הינטל. פאַרן געלט וועט די מאַמע קויפן ברויט.

ער רופט צו דאָס הינטל, לייגט אַוועק זיינע פאָדערשטע פיסלעך צו זיך אויף די אַקסלען און פרעגט:

— וועסט קאָנען זיין אָן מיר, זאָג?

דאָס הינטל לעקט מיט דער צונג טאָניס פּנים.

טאָני באַהאַלט דאָס הינטל אונטערן רעקל און גייט שטיל אַרויס אין דרויסן.

אין גאַס איז געווען קאַלט. טאָני האָט דערזען אַ פרוי, האָט ער צו איר געזאָגט:

— קויפט אַ הינטעלע. אַ טייער הינטעלע.

— וויפיל ווילסטו פאַרן הינטעלע?

— 50 סענט — האָט טאָני געענטפערט.

די פרוי האָט געקויפט דאָס הינטעלע.

טאָני איז געלאָפן אַהיים. ער האָט ניט געקאָנט זען, ווי דאָס הינטל האָט זיך געריסן פון דער פרויס הענט.

ער איז געקומען אַהיים און געגעבן דער מאַמען די 50 סענט.

— וואו האָסטו גענומען דאָס געלט?

— איך האָב פאַרקויפט מיין הינטל.

אין טאָניס אויגן זיינען געשטאַנען טרערן.

די נאַכט איז טאָני ניט געשלאָפן. טאָניס הינטל איז אויך ניט געשלאָפן. די פרוי האָט אים געגעבן עסן. דאָס

הינטל האָט זיך ניט צוגערירט. ס׳איז געשטאַנען לעבן דער פאַרמאַכטער טיר און געדראַפּעט מיט די פיסלעך.

די פרוי האָט באַשלאָסן, זי וועט לאָזן דאָס הינטל גיין. זי האָט געעפנט די טיר. דאָס הינטל האָט זיך אַ ריס געטאָן אין דרויסן אַרויס.

לויפט דאָס הינטל איבער די גאַסן און לויפט ביז טאָנים הויז. צוגעקומען צו דער טיר, נעמט עס האַווקען און דראַפּען מיט די פיס.

טאָני איז אַראָפּ פון בעט און געעפנט די טיר. דאָס הינטל איז אַריינגעלאָפן אין שטוב, און אַרויפגעשפרונגען אויף טאָנין און האָט גענומען לעקן זיין פנים און זיינע הענט.

שווערע ווערטער:

געדראַפּעט — scratched　　　אַקסלען — shoulders



## מיין חבר

מיין הונט און איך
חברים צוויי.
ער גייט מיר נאָך
וואוהין איך גיי.

ער שפרינגט אויף מיר
און וואַרפט מיך אום.
ער בילט אויף מיר
און רופט מיך: קום!

ער רייסט מיין האַנט,
עס טוט מיר וויי.
מיין הונט און איך
חברים צוויי.



# טשינג־טשאַנג־טשו

טשינג־טשאַנג־טשו,
ווער ווייסט, וואו
זיינען די כינעזערלעך
מיט די קורצע נעזעלעך?

טשינג־טשאַנג־טשו,
ווער ווייסט, וואו
יינגלעך טראָגן קליידעלעך,
הויזן טראָגן מיידעלעך?

טשינג־טשאַנג־טשו,
ווער ווייסט, וואו
אויף געגאָלטע קעפּעלעך,
באָמבלען זיך צוויי צעפּעלעך?

טשינג־טשאַנג־טשו,
ווער ווייסט, וואו
שיינע מאַנדל־אייגעלעך
קוקן זיך ווי פייגעלעך?

טשינג־טשאַנג־טשו,
ווער ווייסט, וואו?



# פּורים צו דער סעודה

אויף פּורים האָט דער זיידע געבראַכט אַ גראַגער דעם יינגעלע מיטן רינגעלע און ער האָט צו אים אַזוי געזאָגט:

— זע, אַז דער שלעכטער המן זאָל פון דיר ניט אַרויס מיט גאַנצע ביינער. גיב אים ווי ער איז ווערט!

— זאָרג זיך ניט, זיידע! — האָט יינגעלע־רינגעלע געענטפערט — ער וועט שוין ביי מיר קריגן!

און דערווייל איז יינגעלע־רינגעלע געגאַנגען שלאָפן.

יינגעלע־רינגעלע ווייס אָבער ניט קיין רו אויך אין שלאָף. עפּעס מוז זיך אים חלומען. חלומט זיך אים, ווי ער גייט אַליין צום מלך אין פּאַלאַץ, זען דאָרטן אַלע וואונדער.

גייט ער אַזוי און גייט, און זיין גראַגער האַלט ער שטייף אין האַנט, ער זאָל אים ניט פאַרלירן. ערשט אַנטקעגן קומט אָן אַן אַלטער מאַן מיט אַ לאַנגער ווייסער באָרד.

פרעגט יינגעלע־רינגעלע ביים אַלטן מאַן:

— ווער ביסטו?

ענטפערט דער אַלטער מאַן:

— מרדכי דער ייד.

ווייסט שוין יינגעלע־רינגעלע, ווער דאָס איז, ווייל ער ווייס די גאַנצע מעשה פון פּורים, ווי אַזוי דער נאַרישער קעניג אחשורוש האָט איבערגעגעבן אַלע יידן צום שלעכטן המן, ער זאָל זיי אויסהרגענען, נאָר מרדכי האָט געהאַט אַ שוועסטער־קינד אסתר, וועלכע איז געווען דעם קעניג אחשורושס ווייב, האָט זי שוין געזען, אַז מען זאָל די יידן ניט אויסהרגענען, און המנען זאָל מען אויפהענגען דאָרט וואו ער האָט געוואָלט הענגען דעם ייד מרדכי. און די יידן האָבן געמאַכט אַ יום־טוב פּורים און ס'איז געווען זייער פריילעך!

אַז יינגעלע־רינגעלע האָט דערהערט, אַז דאָס איז מרדכי דער ייד, האָט ער זיך אָנגערופן:

— אזוי, מרדכי דער ייד?

— יאָ, מרדכי — ענטפערט דער אַלטער.

— און וואוהין גייסטו?

— צו דער פורים־סעודה.

האָט זיך יינגעלע־רינגעלע זייער דערפרייט און גענומען טאַנצן און שפרינגען און זינגען:

— מרדכי דער ייד

גייט פורים צו דער סעודה.

טראַכט יינגעלע־רינגעלע, צי זאָל ער גיין צום מלך אין פּאַלאַץ, אָדער מיט מרדכי דעם ייד פּורים צו דער סעודה? האָט ער אַזוי לאַנג געטראַכט, ביז עס איז ביי אים געבליבן ער זאָל גיין צו דער סעודה.

גייען זיי ביידע. אויפן וועג פרעגט מרדכי ביי יינגעלע־רינגעלע:

— האָסט אַ גראַגער?

זאָגט יינגעלע־רינגעלע:

— אַ פּראַגע!

און ער ווייזט אים דעם גראַגער, וואָס דער זיידע האָט אים געגעבן.

— נו, איז גוט.

גייען זיי ווייטער. אויפן וועג וויל יינגעלע־רינגעלע דערציילן מרדכין וועגן קעניג. נאָר ער גיט אַ קוק, זעט ער, אַז מרדכי איז שוין ניטאָ. וויל ער נעמען וויינען, ווייל וואָס וועט ער איצט טאָן איינער אַליין און ווי וועט ער פּורים צו דער סעודה גיין אָן מרדכין? רופט זיך אָן צו אים דאָס רינגעלע:

— וויין ניט, יינגעלע. קוק אויף די שטערן, באַלד וועט ער ווערן.

גיט יינגעלע־רינגעלע אַ קוק אויף די שטערן, ערשט עס באַווייזט זיך צוריק מרדכי, אָבער ניט ווי פריער, צופוס, נאָר רייטנדיק אויף אַ פערד, און עמעצער פירט אים, עפּעס אַזאַ שלעכטער, בייזער מענטש. וויל זיך יינגעלע־רינגעלע עפּעס דערמאָנען און ער קאָן ניט. זאָגט ער צום בייזן מענטשן:

— איך האָב דיך אַמאָל וואו געזען, נאָר איך געדענק ניט דיין נאָמען.

ענטפערט דער בייזער מענטש:



— פרעג ניט מיין נאָמען,
מיין נאָמען איז המן!
האָט יינגעלע-רינגעלע גענומען טאַנצן און שפּרינגען און זינגען:
המן דער שלעכטער ליגט אין דרערד,
און מרדכי דער גוטער רייט אויפן פערד!
און גלייך האָבן זיך באַוויזן אַ סך קינדער מיט גראַגערס און המן-קלאַפּערס און האָבן אויך געהאָלפן זינגען:
המן דער שלעכטער ליגט אין דרערד,
מרדכי דער גוטער רייט אויפן פערד!
און זיי האָבן אַלע געגראַגערט מיט די גראַגערס און געקלאַפּט מיט די המן-קלאַפּערס, אַזוי לאַנג ביז המן איז פון דעם טומל מיט די קלעפּ געפאַלן אַ טויטער.
האָבן אַלע קינדער זיך אַרויפגעכאַפּט צו מרדכין אויפן פערד, און דאָס פערד האָט גענומען לויפן גאַלאָפּ האָפּ-האָפּ, און איז געלאָפן און געלאָפן, ביז עס האָט זיי אַלעמען געבראַכט צו אַ גרויסן, שיינעם פּאַלאַץ.
— נו, קינדער, — האָט זיך מרדכי אָנגערופן צו זיי — קריכט איצט אַרונטער פון פערד און לאָמיר אַריין צו אסתר די מלכה אין פּאַלאַץ און עסן דאָרטן די סעודה!
זיינען זיי אַלע אַריין אין פּאַלאַץ. ווי נאָר די קעניגין אסתר האָט דערזען די קינדער און יינגעלע-רינגעלע, מיט איר שוועסטער-קינד מרדכי, האָט זי זיך זייער דערפרייט און זי האָט צו זיי געזאָגט:
— ליב אייער קומען! אַ גוטן יום-טוב אייך, ליבע קינדערלעך! זעצט זיך, ליבע קינדער, ביי די טישן, עסט און טרינקט, זייט פריילעך און זינגט.
און אַלע קינדער און יינגעלע-רינגעלע האָבן גוט פאַרבראַכט די

גאַנצע נאַכט. און ווען עס איז טאָג געוואָרן האָט זיך יינגעלע־רינגעלע אויפגעכאַפּט.

## שווערע ווערטער:

| | |
|---|---|
| גראַגער — rattle | סעודה — party |
| מלכה — queen | שוועסטער־קינד — cousin |

## פראַגעס:

וועמען האָט יינגעלע־רינגעלע צום ערשטן מאָל באַגעגנט?
ווער האָט געראַטעוועט די יידן פון טויט?
פאַר וואָס האָט מען המנען געהאַנגען?
ווער איז געווען מרדכי?
וואָס האָט דער זיידע געגעבן יינגעלע־רינגעלע?
וואוהין זיינען אַלע געפאָרן רייטנדיק אויפן פערד?
ביי וועמען האָבן זיי פאַרבראַכט אַ גאַנצע נאַכט?

## גרויס — קליין — קלענער

| | | | | | |
|---|---|---|---|---|---|
| מויז | — מייזל | — מייזעלע | בוך | —— | —— |
| אויג | —— | —— | הונט | —— | —— |
| פויק | —— | —— | בלום | —— | —— |

## מאַך פון איינס — אַ סך

| | |
|---|---|
| פּוס — פּיס | נוס — ניס |
| שוך — —— | נאָז — —— |
| בוך — —— | מויז — —— |
| צאָן — —— | הונט — —— |

# אַ מעשה פון אַ גאַנץ יאָר

פֿרי איז פרילינג אָנגעקומען,
און דער זומער — אַ ביסל שפּעטער.
אויף דער ערד געשאָטן בלומען
און אויףביימער — גרינע בלעטער.

אָנגעאַרבעט, אָנגעלאָפֿן,
אַלע פעלדער אויסגעטראָטן.
זיינען ביידע איינגעשלאָפֿן,
אין אַ קילן, גרינעם שאָטן.

און דערווייל האָט פעטער האַרבסט
שטיל, פּאַמעלעך זיך פאַרקליבן,
און מיט גאָלד אויף גרינע בלעטער
נייע מעשות אָנגעשריבן.

איז דער זיידע „ווייסער ווינטער"
אויף זיין ווייסן פערד געפלויגן.
געקומען איז ער פון דער ווייטן
און דעם האַרבסט מיט וויים באַצויגן.



# משה קאַפּויערס אייניקלעך

געווען אַ מאָל אַ ייד, משה קאַפּויער, איז ער געווען זייער אַ מאָדנער מענטש: ער האָט ליב געהאַט צו טאָן אַלץ פאַרקערט: זומער האָט ער געטראָגן אַ מאַנטל, ווינטער איז ער געגאַנגען אָנגעטאָן לייכט. אין דער פרי האָט ער געזאָגט: „אַ גוטן אָוונט“, ביינאַכט — „גוט מאָרגן“. ווען עס האָט געשיינט די זון, האָט ער געטראָגן אַ רעגנשירעם, ווען עס האָט גערעגנט, האָט ער דעם שירעם איבער־געלאָזט אין שטוב. אַזאַ מענטש איז ער געווען.

דער דאָזיקער משה קאַפּויער איז שוין אויף דער וועלט נישטאָ, אָבער דערפאַר האָט ער אייניקלעך, זיינען זיי פונקט ווי דער זיידע, און זיי טוען אויך אַלץ קאַפּויער.

פאַראַן איין אייניקל משה קאַפּויערס, איז ווען ער איז אַלט געווען זעקס יאָר, איז ער געקומען מיט אַ פּאַק ביכער אין אוני־ווערזיטעט.

— וואָס טוסטו דאָ? — פרעגט מען אים.

— איך בין געקומען לערנען.

לאַכט מען:

— אַזאַ ייִנגעלע לערנט זיך אין פּאָבליק־סקול פריער.

— נישט איך. איך בין משה קאַפּויערס אייניקל — זאָגט ער — איך לערן זיך פריער אין אוניווערזיטעט און דערנאָך אין פּאָבליק־סקול.

פאַרשטייט זיך, אַז מען האָט אים אָפּגעשיקט אַהיים. פאַרנאַכט, ווען אַלע קינדער זיינען אַהיימגעגאַנגען, איז ער געקומען אין שול אַריין.

— וואוהין גייסטו? — פרעגט מען אים.

— אין שול אַריין.

— איצט, ביינאַכט, ווען אַלע גייען שוין אַהיים?

— איך בין משה קאַפּויערס אייניקל. אַז אַלע קינדער גייען אין שול בייטאָג — גיי איך ביינאַכט.

קיין באַזונדער שול פאַר משה קאַפּויערס אייניקלעך וועט מען דאָך נישט מאַכן, האָט ער געמוזט קומען אין דער פרי, ווען אַלע קינדער גייען. נאָר כדי צו טאָן עפּעס פאַרקערט, האָט ער זיך אָנגעטאָן דאָס רעקל מיט די קנעפּ און מיטן שניפּס אויף הינטן און געהאַלטן די העפטן און ביכלעך פאַרדרייט מיטן קאָפּ אַראָפּ.

איין מאָל איז משה קאַפּויערס אייניקל געגאַנגען אין מואווי, האָט ער זיך געזעצט מיט דער פּלייצע צו דער בינע און מיטן פּנים צו דער טיר און געקוקט.

אַ צווייט מאָל, ווידער, איז משה קאַפּויערס אייניקל געווען נישט געזונט און דער דאָקטאָר האָט אים געגעבן אַ רעצעפּט, איז ער אַוועק אים קויפן אין אַ קוילן־געשעפט. קוקט מען אים אָן:

— אַ רעצעפּט קויפט מען אין אַ קוילן־געשעפט?

— וואו דען?

— אַ רעצעפּט קויפט מען אין אַן אַפּטייק.

— נישט איך — זאָגט קאַפּויערל.

— וואו זשע קויפסטו קוילן?

— קוילן קויף איך — זאָגט ער — אין אַ צירונג געשעפט.

אָט אַזאַ מענטשעלע איז משה קאַפּויערס אייניקל.

## שווערע ווערטער:

קאַפּויער — upside down
אַפּטייק — drug store
פאַרקערט — on the wrong side
צירונג־געשעפט — jewelry store
רעגן־שירעם — umbrella
אייניקלעך — grandchildren
כדי (קעדיי) — in order to

## דער — דאָס — די

(שרייב אריין)

| | |
|---|---|
| —— קאָפּ טוט מיר וויי. | —— אויגן זעען אַלץ. |
| —— האָר זיינען ניט פאַרקעמט. | —— נאָז שמעקט. |
| —— אויערן הערן. | —— באַקן זיינען רויט. |
| —— שטערן איז אויסגעשמירט. | —— הענט זיינען ריין. |
| —— פיס טוען וויי פון צופיל גיין. | —— מויל איז אָפן. |
| —— ציין זיינען ווייס. | —— צונג איז רויט. |



## קידערווידער

אַז קידער זאָגט: ס׳איז פרי,
זאָגט ווידער: ס׳איז שפּעט.
אַז קידער זאָגט: מאָגער,
זאָגט ווידער: ————.

אַז קידער זאָגט: ס׳איז גוט,
זאָגט ווידער: ס׳איז שלעכט.
אַז קידער זאָגט: לינק,
זאָגט ווידער: ————.

אַז קידער זאָגט: שטיי,
זאָגט ווידער: גיי.
אַז קידער זאָגט: רעגן,
זאָגט ווידער: ————.

אַז קידער זאָגט: לויף,
זאָגט ווידער: קריך.
אַז קידער זאָגט: פּאַמעלעך,
זאָגט ווידער: ————.

### אין יידיש זאָגט מען:

די מאַמע איז פאַרקילט
וואַרט אויף מיר
איך שפּיל זיך אין פּאַרק
איך פאָר קיין נוואַרק
ער האָט ניט קיין בוך

### אין ענגליש זאָגט מען:

Mother has a cold
Wait for me
I play in the park
I am going to Newark
He has no book

## אַ גוטער שילער

מאַמע: יאָסל, וואָס האָסטו היינט אויפגעטאָן אין שול?

יאָסל: איך בין געווען דער איינציקער אין קלאַס, וואָס האָט געענטפערט אויף דעם לערערס פראַגע, מאַמע. אַנדערע קינדער האָבן ניט געקענט ענטפערן.

מאַמע: וואָס איז געווען דעם לערערס פראַגע?

יאָסל: דער לערער האָט געפרעגט: ווער האָט היינט ניט געטאָן די היימאַרבעט?



# דער העלדישער שמשון

דאָס איז געווען אין דער צייט ווען אויף די יידן איז אָנגעפאַלן אַ שטאַרק פאָלק, די פּלשתּים, און זיי געוואָלט אונטערדריקן.

אין יענער צייט האָט געלעבט אַ ייד מיטן נאָמען שמשון. ער איז געווען הויך און שיין און זייער שטאַרק. האָט מען אים גערופן שמשון הגבור, שמשון דער שטאַרקער. און די יידן האָבן אים געמאַכט פאַר אַ פירער.

איין מאָל איז שמשון געגאַנגען איינער אַליין אין פעלד, איז אויף אים אָנגעפאַלן אַ לייב. שמשון האָט ניט געהאַט קיין שום געווער מיט זיך, האָט ער מיט זיינע הענט אָנגעכאַפּט דעם לייב ביים פּיסק און אים צעריסן אויף צווייען.

איין מאָל האָבן די פּלשתּים געמאַכט שפּאַס און אָפּגעלאַכט פון די יידן. האָט שמשון געכאַפּט דריי הונדערט פוקסן, האָט זיי צונויפגעבונדן צו צוויי ביי די עקן, אַריינגעשטעקט צווישן די עקן ברענענדיקע פאַקלען און אָפּגעלאָזט די פוקסן אויף די פעלדער פון די פּלשתּים. פאַרשטייט זיך, אַז די פעלדער זיינען אין גאַנצן פאַרברענט געוואָרן.

איין מאָל האָבן די פּלשתּים אויסגעפונען, אַז שמשון איז געקומען אין דער שטאָט עזה איבערצונעכטיקן. זיינען זיי געקומען ביינאַכט און פאַרשלאָסן די שווערע אייזערנע טויערן פון שטאָט.

— איצט האָבן מיר אים געפּאַקט! — האָבן זיך די פּלשתּים געפרייט — אין דער פרי וועלן מיר אים נעמען געפאַנגען.

אין מיטן נאַכט האָט זיך שמשון אויפגעכאַפּט און דערזען, אַז די טויערן זיינען פאַרמאַכט, האָט ער אַ נעם געטאָן די שווערע טויערן, זיי אויפגעהויבן איבער זיין קאָפּ און זיי אַוועקגעטראָגן אויפן באַרג.

איין מאָל זיינען די פּלשתּים באַפאַלן שמשונען און מיטן נאַכט.

זיי האָבן אים אויסגעשטאָכן די אויגן, געבונדן מיט שטאַרקע שטריק און אים אַריינגעוואָרפן אין טורמע.

די עלטסטע פֿון די פּלשתים האָבן זיך פֿאַרזאַמלט אין טעמפּל און געמאַכט אַ יום־טוב, ווייל זיי האָבן געפֿאַנגען דעם העלדישן שמשון. טויזנטער פּלשתים האָבן אָנגעפֿילט דעם טעמפּל.

זיי האָבן געבראַכט שמשונען און געלאַכט פֿון אים.

האָט שמשון געזאָגט צום ייִנגל, וואָס האָט אים געפֿירט:

— פֿיר מיך צו צו די זיילן, אויף וועלכע דער טעמפּל איז אָנגעשפּאַרט.

און שמשון האָט געזאָגט: איצט וועל איך זיך אָפּרעכענען מיט די פּלשתים, דערפֿאַר וואָס זיי האָבן מיך בלינד געמאַכט און געשלאָגן מיין פֿאָלק. איך וועל שטאַרבן צוזאַמען מיט די פּלשתים.

ער האָט זיך אָנגעשפּאַרט מיט אַלע כחות אויף די זיילן און זיי אומגעוואָרפן. דער טעמפּל איז איינגעפֿאַלן און טויזנטער פּלשתים זיינען געהרגעט געוואָרן. צוזאַמען מיט זיי איז אויך שמשון אומ־געקומען.

## שווערע ווערטער:

| | |
|---|---|
| גענוער — weapon | באַרג — mountain |
| שפּאַס — fun | שטריק — rope |
| פֿאַקלען — torches | טורמע — prison |
| טויערן — gates | זיילן — pillars |
| געפֿאַנגען — taken prisoner | |

## פֿראַגעס:

פֿאַר וואָס האָט שמשון געקעמפֿט קעגן די פּלשתים?

וואָס האָבן די פּלשתים געטאָן מיט שמשונען, ווען זיי האָבן אים געפֿאַנגען?

וואָס פֿאַר אַ יום־טוב האָבן די פּלשתים געפֿייערט אין זייער טעמפּל?

ווי אַזוי האָט שמשון זיך אָפּגערעכנט מיט די פּלשתים?

### איך — דו

| | | | |
|---|---|---|---|
| איך שרייב. | דו שרייבסט. | איך זיץ. | דו ______. |
| איך עס. | דו ______. | איך וואַש. | דו ______. |
| איך שלאָף. | דו ______. | איך לייען. | דו ______. |
| איך לאַך. | דו ______. | איך צייל. | דו ______. |
| איך שפּרינג. | דו ______. | איך שפּיל. | דו ______. |

# קלוגע ענטפערס

אַ קעניג האָט אַמאָל אַרויסגעגעבן אַ באַפעל, אַז קיינער זאָל ניט אַרויסגיין אין גאַס נאָך צוועלף אַזייגער ביינאַכט. ווער עס וועט ניט פאָלגן, וועט באַשטראָפט ווערן.

סאָלדאַטן זיינען אַרומגעגאַנגען איבער די גאַסן און אָפּגעשטעלט אַלע מענטשן, וואָס גייען אַרום שפּעט ביינאַכט.

איין נאַכט האָבן די סאָלדאַטן אָפּגעשטעלט דריי מענטשן.

— שטייט! — האָבן די סאָלדאַטן געזאָגט. — ווער זייט איר?

האָט איינער געזאָגט:

— דער קעניג קען ניט אויסקומען אָן מיר. ווען איך בין מיט אים, זיצט ער ערנסט אויפן שטול און בויגט איין זיין קאָפּ, ווען איך הייס אים.

דער צווייטער האָט געזאָגט:

— ווען ניט איך, וואָלטן דער קעניג און אַלע רייכע לייט פאַרפראָרן געוואָרן פון קעלט. זיי וואָלטן ניט געקענט אַרויסגיין פון הויז.

און דער דריטער האָט געזאָגט:

— ווען ניט איך, וואָלטן דער קעניג און זיינע מיניסטאָרן ניט געקענט אַרומגיין.

די סאָלדאַטן האָבן מורא געהאַט צו באַשטראָפן אַזעלכע וויכטיקע מענטשן און האָבן זיי געבראַכט אין פּאַלאַץ.

דאָרטן האָט זיך אַרויסגעוויזן, אַז איינער איז אַ שערער, דער צווייטער — אַ שניידער און דער דריטער — אַ שוסטער.

## ער — דו — זי

| | | |
|---|---|---|
| ער וואוינט | דו וואוינסט | זי וואוינט |
| ער זאָגט | דו ______ | זי ______ |
| ער טראָגט | דו ______ | זי ______ |
| ער קעמט | דו ______ | זי ______ |
| ער לייענט | דו ______ | זי ______ |
| ער באַקט | דו ______ | זי ______ |
| ער קוקט | דו ______ | זי ______ |



# פרילינג

עס ציען זיך, ציען
פון הימל און פאַלן
ווי גאָלדענע פעדים —
די וואַרעמע שטראַלן.

עס בליען די ביימער,
עס שפּראָצן די בלומען,
צו אונדז איז דער פרילינג,
דער פרילינג געקומען!

## צוויי וויצן

— וועלוול, וואָס טוסטו?
— איך העלף לייזערן.
— און וואָס טוט לייזער?
— ער זיצט ליידיק.

---

— לייזער, וועק מיך אויף מאָרגן 6 אַזייגער אין דער פרי.
— גוט, וועלוול, קלאַפּ אָן אין טיר, וועל איך דיך גלייך אויפוועקן.

## איצט — פריער

| | | | |
|---|---|---|---|
| איך שרייב. | איך האָב געשריבן. | איך ניי. | איך —— —— —— |
| איך לייען. | איך —— ——. | איך קוק. | איך —— —— —— |
| איך טרינק. | איך —— ——. | איך רייס. | איך —— —— —— |
| איך דערצייל. | איך —— ——. | איך צייל. | איך —— —— —— |

# פסח צום סדר

דאָס יינגעלע מיטן רינגעלע איז פּסח צום סדר געווען ביי זיין זיידן און האָט געהערט די מעשה ווי די יידן זיינען געווען קנעכט ביי דעם קעניג פּרעה און האָבן פאַר אים געבויט גאַנצע שטעט און פּאַלאַצן און אַליין האָבן זיי געוואוינט אין שטיבער און גריבער, און ווי זיי זיינען שפּעטער אַרויס פון מצרים.

ס'איז שוין געווען שפּעט אין דער נאַכט, האָט דעם יינגעלע מיטן רינגעלע גענומען שלעפערן און ער איז איינגעשלאָפן זיצנדיק ביים טיש. און ווי ער איז איינגעשלאָפן, אַזוי האָט זיך אים גענומען חלומען.

חלומט זיך אים, ווי ער וויל גיין צום מלך אין פּאַלאַץ אויף יענער זייט טייך. גייט ער אַזוי און גייט ביז ער קומט צום טייך, וואו ער האָט באַדאַרפט אַריבערגיין, און גיין צום מלך אין פּאַלאַץ. קוקט ער אַזוי און קוקט, ערשט ס'איז גאָר ניט קיין טייך, נאָר אַ ים, אַ גרויסער ים, און די כוואַליעס וואַרפן הין און הער, אַזש עס כאַפּט גאָר אָן אַ שרעק און דער ים זאָגט צו אים:

— איך בין דער רויטער ים, יינגעלע־קליין!

דער גרויסער משה קומט באַלד צו גיין.

און טאַקע באַלד איז געקומען צו גיין משה מיט זיין וואונדער־שטעקן אין האַנט. יינגעלע־רינגעלע האָט אים גלייך דערקענט, ווייל דער זיידע האָט אים נאָך פריער דערציילט פון משהן און פון די גרויסע וואונדער, וואָס ער האָט באַוויזן.

און גלייך נאָך משהן האָבן זיך באַוויזן זייער אַ סך מענטשן. דאָס זיינען געווען די יידן, וועלכע משה האָט אַרויסגעפירט פון מצרים, אַלע מיט שטעקנס אין די הענט און מיט פּעקלעך אויף די פּלייצעס, אַזוי ווי מענטשן, וואָס גייען אַוועק אין אַ וויטן וועג.

ווען משה האָט דערזען דאָס יינגעלע מיטן רינגעלע שטייענדיק ביים ברעג ים, האָט ער צו אים געזאָגט:



— וואָס טוסטו דאָ, ייִנגעלע?

ענטפערט דאָס ייִנגעלע:

— איך דאַרף גליין צום מלך אין פּאַלאַץ.

זאָגט משה:

— מען דאַרף ניט גיין צו קיין מלך. איך בין אויך אַמאָל געווען אַ ייִנגעלע ווי דו און איך בין געווען ביים מלך אין פּאַלאַץ און האָב דאָרטן געזען אַלע גוטע גוטע זאַכן. אָבער איך בין דערנאָך אַרויס אין גאַס און האָב דערזען די ייִדן, אַ פאָלק פון שקלאַפן, שטייען און שאַפן, אַרבעטן שווער, שווער און ביטער אונטער בייטש און ריטער, קנעטן ליים און מאַכן ציגל און בויען שטעט און פּאַלאַצן, און פון זייערע נאַקעטע לייבער גיסט זיך שוויים פון דער אַרבעט און בלוט פון די שמיץ, וואָס זיי קריגן פון דעם קעניגס אויפזעער. און אַז איך האָב דאָס דערזען, האָב איך אויסגעשריען צו די שקלאַפן: „פאַר וועמען טוט איר דאָס אַלץ?" — „פאַרן קעניג!" האָבן זיי גע־ענטפערט. — „און וואָס וועט איר האָבן דערפון? — האָב איך זיי געפרעגט. — „הונגער און נויט, שמיץ און טויט!" — האָבן זיי געענטפערט. מער האָב איך שוין ניט געקענט גיין צום מלך אין פּאַלאַץ. איך בין געבליבן מיט די שקלאַפן און ניט אַוועק פון זיי, ביז זיי זיינען באַפרייט געוואָרן. און איצטער פיר איך זיי דאָס אין אַן אַנדער לאַנד, אין אַ לאַנד פון פרייהייט. קיין ארץ ישראל פיר איך זיי. ווילסט מיט אונדז גיין?

האָט דאָס ייִנגעלע־רינגעלע לאַנג ניט געטראַכט און ער האָט געענטפערט:

— איך גיי.

אין דער רגע האָט זיך דערהערט אַ לויפעריי פון פערד און אַ קלאַפעריי פון די וועגן: דאָס איז פרעה מיט די מצריים זיינע גע־לאָפן כאַפּן די ייִדן און ברענגען זיי צוריק קיין מצרים, זיי זאָלן ווידער אַרבעטן פאַר פרעהן. ווי די ייִדן האָבן דאָס דערזען, האָבן זיי זיך זייער דערשראָקן און גענומען לויפן. האָט משה אויפגעהויבן זיין שטעקן און אַ געשריי געטאָן צו די ייִדן:

— לויפט ניט! האָט קיין מורא ניט! זיי וועלן אייך גאָרנישט ניט טאָן. קומט נאָך מיר אין ים אַריין!

און משה האָט מיטן שטעקן געשפּאָלטן דעם ים, און די וואַסערן האָבן זיך אויפגעשטעלט ווי צוויי ווענט פון ביידע זייטן, און אינ־



מיטן איז געוואָרן טרוקן, אַזוי ווי אויף דער ערד. און די ייִדן זיינען אַריבער דעם ים און ייִנגעלע-רינגעלע איז מיט זיי אויך אַריבער.

פּרעה מיט די מצריים האָבן דערזען, אַז די ייִדן זיינען אַריבער דעם ים, האָבן זיי זיך אויך געלאָזט נאָך זיי. זיי האָבן געמיינט, אַזוי ווי די ייִדן זיינען אַריבער דעם ים, אַזוי וועלן זיי אויך אַריבער. אָבער גלייך ווי די ייִדן זיינען אַריבער דעם ים, אַזוי האָבן זיך די וואַסערן צוריקגעקערט, און דער ים איז געוואָרן ווי ער איז געווען, און פּרעה מיט די מצריים, מיט די פערד און רייטוועגן זיינען דערטרונקען געוואָרן אין ים. קיין איינער איז ניט איבערגעבליבן. און די ייִדן האָבן געזונגען און ייִנגעלע-רינגעלע אויך מיט זיי:

— טראַם, טראַראַם, טראַם-טאַראַראַם!
מיר זיינען אַריבער, אַריבער דעם ים!
טראַם, טראַראַם, טראַם-טאַראַראַם!
די שונאים זיינען דערטרונקען אין ים!

און דאָ האָט זיך דאָס ייִנגעלע מיטן רינגעלע אויפגעכאַפּט.

דער זיידע האָט געגעבן דעם ייִנגעלע מיטן רינגעלע אַ זעקעלע ניס אויף צו שפּילן און ייִנגעלע-רינגעלע איז אַוועק מיט טאַטע-מאַמע שלאָפן.

## מאַך אַ צייכן לעבן ריכטיק אָדער פאַלש.

| | | |
|---|---|---|
| פּסח עסט מען אין אַ סוכה. | ריכטיק ☐ | פאַלש ☐ |
| פּסח שפּילט מען אין דריידל. | ריכטיק ☐ | פאַלש ☐ |
| משה האָט באַפרייט די ייִדן פון מצרים. | ריכטיק ☐ | פאַלש ☐ |
| פּסח עסט מען לאַטקעס. | ריכטיק ☐ | פאַלש ☐ |
| פּסח עסט מען מצות. | ריכטיק ☐ | פאַלש ☐ |



# אַ מעשה מיט אַ באָבען און אַ הינדל

הערט נאָר קינדער,
קינדער קליינע,
הערט אַ מעשה
גאָר אַ שיינע:

ס׳האָט אַמאָל
די באָבע מינדל
אויפן מאַרק
געקויפט אַ הינדל.

איז דאָס הינדעלע
אַ ראַבע —
טראָגט אין פאַרטעך
זי די באַבע.

גייט די באַבע
און זי פרייט זיך,
און דאָס הינדל
קוואָקעט, דרייט זיך.

דרייט זיך, קוואָקעט
זייער פיל —
ווייס ניט קיינער
וואָס זי וויל.

פלוצלונג שפּרינגט
די הון אַרויס
פון דער באָבע
מינדלס שויס,

זעצט זיך אויף
דער ערד אַוועק
און נעמט דרייען
מיטן עק.

אַ דריי אַהער,
אַהין אַ דריי —
און האָט באַלד
געלייגט אַן איי.

פרייט זיך שטאַרק
די באָבע מינדל,
נעמט זי גיך
דאָס איי און הינדל,

גייט אַהיים און
טראַכט: ס׳אַ גליק,
כ׳האָב אַ הינדל
אַן אַנטיק!

„דאָס הינדל וועט מיר
יעדן מאָרגן
מיט אַן אייעלע
באַזאָרגן.

כ׳וועל די אייעלעך
פאַרקויפן,
פאַר דעם געלט
וועל איך מיר קויפן:

פאַרן זיידן,
נח-מולקע —
נייע שטיוול
און אַ ליולקע;

און פאַר זיך —
אַ קראַנץ קאַרעלן,
און אַ נייעם
שאַל אַ געלן;

פאַרן אייניקל
אַ וויג,
און אַ גלעקל
פאַר דער ציג.

אוי, וועט דעמאָלט
זיין אַ פרייד!" —
און גייענדיק
פאַרטראַכטערהייט,

טוט זי זיך
אַ גליטש און פאַלט,
און דאָס איי
צעברעכט זיך באַלד,

און די הון האָט
זיך דערשראָקן
און געשטעלט זיך
אויף אַ פלאָקן,

און פון פלאָקן
אויף אַ פאַרקאַן
גיט זי גיך
אַ שפרונג אַ שטאַרקן.

און פון פאַרקאַן —
קיש-קיש-טראַך! —
און זי שטייט שוין
אויפן דאַך.

און פון דאַך
אַ שפרונג אין גאָרטן,
און פאַרשוואונדן
ערגעץ דאָרטן.

די באָבע האָט זי
ניט געפונען.
ס'איז איר האָפענונג
צערונען:

נישט קיין ליולקע,
נישט קיין וויג,
נישט קיין גלעקל
פאַר דער ציג . . .

זיצט און וויינט
די באָבע מינדל
נאָך דעם שיינעם
ראַבע הינדל.



## געפֿאַנגען

דער פֿרילינג איז געקומען,
דער שניי איז צעגאַנגען,
זיצט אין אַ שטייגל
אַ פֿויגל געפֿאַנגען.

עס קלינגט אויף די פֿעלדער
דעם שניטערס געזאַנגען,
זיצט אין אַ שטייגל
אַ פֿויגל געפֿאַנגען.

די נאַכט איז געקומען,
די פֿענצטער פֿאַרהאַנגען,
זיצט אין אַ שטייגל
אַ פֿויגל געפֿאַנגען.

דער טאָג איז אַוועק,
די זון איז פֿאַרגאַנגען,
זיצט אין אַ שטייגל
אַ פֿויגל געפֿאַנגען.

## ערשטער מאַי

היי, פּייקלעך און פּייפֿלעך,
אַ מאַרש שפּילט אויף גיכער —
און לאָמיר אַ שפּאַן טאָן
מוטיק און זיכער.

זאָלן שטימען זיך פֿלעכטן
אין אַ פֿאַרביקן קראַנץ —
הענט אויף די אַקסלען
און די פֿיס אין אַ טאַנץ.

זאָל לויכטן אונדזער פֿרייד
און קיינעם ניט פֿאַרשעמען —
אַ פֿרייד אויף די קינדער,
אַ פֿרייד אין די היימען.

ווער עס אַרבעט און שאַפֿט
פֿאַר אַ לעבן פֿריידיק, פֿריי —
זאָל פֿייערן מיט אונדז
דעם ליכטיקן ערשטן מאַי.



# דער ערשטער מײַ

דאָס ייִנגעלע מיטן רינגעלע האָט זיך זייער שטאַרק געגרייט צום ערשטן מײַ. איין קלייניקייט: דער ערשטער מײַ! ער וועט דאָך זיכער גיין מיט אַלע קינדער צום מײַ־פֿעסט און ער וועט זיין דער קעניג און דער שכנהס מיידעלע וועט זיין די קעניגין. ער האָט שוין אַלצדינג פֿאַרטיק: די קרוין פֿון קאַרטאָן מיט גאָלדן פּאַפּיר אַרומגעקלעפּט און דעם קאָלירטן מאַנטל געמאַכט פֿון פּאַפּיר.

מאָרגן, מאָרגן וועט דאָס זיין! נו, און דערווייל דאַרף מען גיין שלאָפֿן און זיך גוט אויסשלאָפֿן און אויפֿשטיין מאָרגן פֿריש און געזונט. האָט זיך ייִנגעלע־רינגעלע געלייגט שלאָפֿן. און ווי נאָר ער איז איינגעשלאָפֿן — אהאַ, ער חלומט שוין, אַז ער גייט צום מלך אין פּאַלאַץ.

גייט ער און גייט, ייִנגעלע־רינגעלע. ערשט ער באַגעגנט אַ פּאַראַד מיט מוזיק און געזאַנג. עס מאַרשירן מענטשן אָן אַ שיר, און אַלע זינגען זיי:

ערשטער מײַ, ערשטער מײַ —
אַלע מענטשן זיינען פֿריי.
פֿריי פֿון זאָרגן, פֿריי פֿון נויט,
דער וואָס אַרבעט, דער האָט ברויט.

און פֿאָרויס פֿאַר דעם פּאַראַד איז געפֿאָרן אויף אַ פֿערד דער פֿירער. פֿרעגט ביי אים ייִנגעלע־רינגעלע:

— וואָס פֿאַר אַ פּאַראַד איז דאָס ביי אייך?

ענטפֿערט אים דער פֿירער:

— היינט איז דאָך דער ערשטער מײַ, און מיר זיינען אַרבעטער, און דער ערשטער מײַ איז אונדזער יום־טוב.

גיט זיך אַ כאַפּ ייִנגעלע־רינגעלע:

— איך ווייס! איך ווייס!

רופט זיך אָן דערנאָך דער פּירער:

— און ביי אייך, קינדער, איז דאָך היינט אויך יום-טוב. גייסט גאָרניט, יינגעלע, צו דעם קינדערשן יום-טוב?

ענטפערט יינגעלע-רינגעלע:

— איך גיי גאָר צום מלך אין פּאַלאַץ.

צעלאַכט זיך דער פּירער און אַלע אַרבעטער נאָך אים און זיי זינגען אַלע אויס:

— יינגל, יינגל, זיי ניט קיין נאַר!

מ׳דאַרף ניט קיין מלך, מ׳דאַרף ניט קיין האַר!

האָט זיך יינגעלע-רינגעלע פאַרטראַכט און אַראָפּגעלאָזט די אויגן אויף דער ערד. ווען ער האָט צוריק אויפגעהויבן די אויגן, האָט ער דערזען, אַז דער אַרבעטער-פּאַראַד איז שוין ניטאָ, און עס שטייען גאָר אַרום אים אַ סך קינדער, אָנגעטאָן יום-טובדיק און זיי טאַנצן און זיי זינגען:

— קינדער, קינדער, היינט איז מאַי!

אַלץ איז פריש, אַלץ איז ניי.

און זיי האָבן אויך יינגעלע-רינגעלע אַריינגענומען אין קאַראַהאָד און ער האָט מיט זיי געטאַנצט און געזונגען.

אַז זיי האָבן געענדיקט טאַנצן און זינגען, רופט זיך אָן איין מיידעלע אין אַ רויט קליידעלע צו יינגעלע-רינגעלע:

— ווייסטו? היינט מאַכן מיר דאָך אַ יום-טוב, וועסטו זיין דער קעניג פון אונדזער מאַי-פעסט!

זאָגט יינגעלע-רינגעלע:

— גוט, אָבער ווער וועט זיין מיין קעניגין?

ענטפערט מיידעלע רויט-קליידעלע:

—איך וועל זיין די קעניגין פון מאַי.

זאָגט יינגעלע-רינגעלע:

— גוט.

האָבן אַלע קינדער גענומען שרייען:

— לעבן זאָל יינגעלע-רינגעלע, דער קעניג פון מאַילאַנד און זיין קעניגין, מיידעלע רויט-קליידעלע.

און יינגעלע-רינגעלע האָט גלייך אָנגעטאָן זיינע קעניגלעכע מאַי-קליידער, און מיידעלע רויט-קליידעלע האָט אויך אָנגעטאָן אירע קעניגלעכע מאַי-קליידער, און דער יום-טוב האָט זיך אָנגעהויבן מיט גרויס פרייד.

די קינדער האָבן גענומען מאַרשירן. פריער איז געגאַנגען דער אָרקעסטער פון די קינדער, פייקלעך און פייפלעך און טרומייטערער. דערנאָך זיינען געגאַנגען יינגעלע־רינגעלע, דער קעניג, און מיידעלע רויט־קליידעלע, די קעניגין. און הינטער זיי זיינען געגאַנגען די איבעריקע קינדער.

אַזוי זיינען די קינדער געגאַנגען ביז זיי זיינען געקומען צו אַ פּאַרק ,און אין פּאַרק האָט זיך ערשט אָנגעהויבן די רעכטע שמחה. אויף אַ גרויסער גרינער לאָנקע איז אינמיטן געשטאַנען דער מאַי־שטאַנג, אַ הויכער שטאַנג באַפּוצט מיט בלומען און בענדער. און די קינדער האָבן זיך גענומען דרייען אַרום דעם דאָזיקן שטאַנג, דרייען זיך און טאַנצן.

קינדער, קינדער, היינט איז מאַי,
אַלץ איז פריש, אַלץ איז ניי!

דערנאָך האָט זיך אָנגעהויבן די מאַי־פּאַרטי. . . .

אָבער דאָ איז צוגעקומען יינגעלע־רינגעלעס מאַמע און האָט אים גענומען וועקן:

— שטיי אויף, מיין קינד! דאַרפסט שוין גיין צום מאַי־פעסט.

רייבט יינגעלע־רינגעלע די אויגן און ער זאָגט:

— איך בין דאָך שוין געווען, מאַמע!

גיט די מאַמע אַ שמייכל און זי זאָגט:

— דאָס איז דאָך געווען אין חלום, און איצטער וועט דאָס זיין אויפן וואָר.

## שווערע ווערטער:

גערגרייט — prepared
קרוין — crown
קאַרטאָן — cardboard
שטאַנג — pole
אויפן וואָר — for real

## שרייב אַריין אַ צייכן לעבן ריכטיק אָדער פאַלש.

| | | |
|---|---|---|
| דער ערשטער מאַי איז אַ יום־טוב פון אַלע אַרבעטער אין אַלע לענדער. | ריכטיק ☐ | פאַלש ☐ |
| דער ערשטער מאַי ווערט געפייערט אין חודש אויגוסט. | ריכטיק ☐ | פאַלש ☐ |
| די קינדער פון אַמעריקע פייערן דעם יום־טוב מיט אַ מאַי־פעסט אין די פּאַרקס. | ריכטיק ☐ | פאַלש ☐ |

# דוד און גלית



די פּלשתּים האָבן פֿיינט געהאַט די ייִדן און זיי געוואָלט מאַכן פֿאַר שקלאַפֿן.

איין מאָל האָבן די פּלשתּים צונויפֿגענומען זייערע אַרמייען און אַרויס קעגן די ייִדן. דער ייִדישער קעניג שאול האָט צונויפֿגעזאַמלט די ייִדן און איז אַרויס קעגן די פּלשתּים. די פּלשתּים זיינען געשטאַנען אויף איין באַרג און די ייִדן אַנטקעגן זיי אויף אַ צווייטן באַרג.

איז פֿון די פּלשתּים אַרויס אַ מאַן מיט דעם נאָמען גלית. ער האָט אויסגעזען ווי אַ ריז. ער איז געווען זייער הויך און שטאַרק. ער האָט געטראָגן אַ בראָנדזן היטל אויפֿן קאָפּ און אַ בראָנדזענעם פּאַנצער אויפֿן לייב. זיין שווערד איז געווען גרויס און שווער. ער האָט זיך דערנעענטערט צו די ייִדן און אויסגערופֿן:

— קלייבט אויס איינעם פֿון אייך און זאָל ער זיך שלאָגן מיט מיר. אויב דער ייִד וועט מיך באַזיגן — וועלן די פּלשתּים זיין אייערע קנעכט. אויב איך וועל אים באַזיגן — וועט איר זיין אונדזערע קנעכט.

קיין איינער פֿון די ייִדן האָט ניט געענטפֿערט.

האָט גלית אָפּגעלאַכט פֿון די ייִדן:

— די ייִדן האָבן מורא. ניטאָ קיין בראַווע און שטאַרקע צווישן זיי.

דער ייִנגל דוד, וועלכער איז געקומען זען זיינע ברידער אין דער ייִדישער אַרמיי, האָט דאָס דערהערט, איז ער צוגעקומען צום קעניג שאול און געזאָגט:

— איך וועל זיך שלאָגן מיט דעם פּלשתּי.

האָט שאול געזאָגט:

— דו וועסט זיך מיט אים ניט קענען שלאָגן. דו ביסט נאָך אַ ייִנגל און ער איז אַ ריז.

— דאָס איז גאָרניט — האָט דוד געענטפֿערט — איך בין אַ פּאַסטעך. איין מאָל איז אַ לייב אַריין אין מיין סטאַדע, געכאַפּט אַ שעפּעלע און אַנטלאָפֿן. בין איך אים נאָכגעלאָפֿן און אַרויסגעראַטעוועט דאָס שעפּעלע פֿון זיין מויל. האָט זיך דער לייב געוואָרפֿן אויף מיר, האָב איך אים אָנגעכאַפּט ביי זיין באָרד און אים געשלאָגן

ביז טויט. איז אויב איך האָב געשלאָגן אַ לייב, וועל איך אַט־דעם שלעכטן פּלשתי, וואָס האָט אָפּגעלאַכט פון די יידן, אויך שלאָגן.

האָט שאול געזאָגט:

— גיי, און זאָל זיין מיט גליק.

דוד האָט גענומען אין האַנט זיין שליידער־שטעקל, ער האָט אויסגעקליבן עטלעכע גלאַטע שטיינדלעך און זיך געלאָזט גיין אַנט־קעגן גליתן.

ווען גלית האָט דערזען דעם יינגל דוד מיט זיין שטעקן, האָט ער זיך שטאַרק צעלאַכט:

— וואָס בין איך — אַ הונט, וואָס דו גייסט אַנטקעגן מיר מיט אַ שטעקן?

דוד האָט אַרויסגענומען אַ שטיינדל פון זעקל, מיטן שליידער־שטעקל עס אַ וואָרף געטאָן און געטראָפן גליתן גלייך אין שטערן אַריין. דאָס שטיינדל האָט זיך איינגעגראָבן אין גליתעס קאָפּ. ער איז געפאַלן אויף דער ערד. דוד איז צוגעלאָפן צו גליתן, אַרויסגעצויגן דעם פּלשתים גרויסע, שווערע שווערד און אים אָפּגעהאַקט זיין קאָפּ.



אַז די פּלשתים האָבן דערזען, אַז זייער העלד איז טויט, האָבן זיי גענומען לויפן אין אַלע זייטן. די יידן האָבן זיי נאָכגעיאָגט און זיי באַזיגט.

מיט יאָרן שפּעטער איז דוד געוואָרן אַ קעניג ביי יידן.

## שווערע ווערטער:

| | |
|---|---|
| קנעכט — slaves | פּאַסטעך — shepherd |
| ריז — giant | סטאַדע — herd, flock |
| פּאַנצער — shield | שליידער־שטעקל — sling-shot |
| שווערד — sword | שטיינדל — little stone |
| באַזיגן — to conquer | העלד — hero |

## פראַגעס:

וואָס האָט גלית געוואָלט פון די יידן?

פאַר וואָס האָבן די יידן מורא געהאַט?

מיט וואָס האָט דוד געשלאָגן גליתן?

ווער איז געוואָרן קעניג פון יידישן פאָלק נאָך שאולן?

# אַ מתנה דער מאַמען אויף „מאַדערס דיי״

דאָס יאָר האָט איזי נישט געקאָנט אָפּשפּאָרן עפּעס געלט צו קויפן אַ מתנה פאַר דער מאַמען אויף „מאַדערס דיי״. אַמאָל, ווען דער פאָטער האָט געאַרבעט, פלעגט ער פון דער מאַמען אַלע מאָל באַקומען אַ ביסל געלט. האָט ער געקליבן אַ סענט צו אַ סענט. דעמאָלט האָט איזי עטלעכע טעג נאָכאַנאַנד געקלערט, וואָס ער זאָל קויפן דער מאַמען.

„מאַדערס דיי״ איז אָנגעקומען. איזי האָט געוואָלט צוגיין צו דער מאַמען און איר זאָגן:

— מאַמע, איך האָב היינט ניט קיין מתנה, אָבער אַז איך וועל אויסוואַקסן . . .

ער האָט עס אָבער ניט געטאָן. ער האָט די ווערטער ניט גע־קענט אַרויסרעדן. איז ער אַן אומעטיקער אַוועק אין פּאַרק.

אַ מידער האָט ער זיך געזעצט אויף אַ באַנק. ער האָט געקוקט מיט אומעטיקע אויגן אויפן גרויסן פּלאַץ, וואָס איז געווען פאַר־פלאַנצט מיט רויטע בלומען.

דער וועכטער פון פּאַרק איז איינינקע מאָל פאַרבייגעגאַנגען זיין באַנק. ווען ער האָט געענדיקט זיין אַרבעט, האָט דער וועכטער זיך געזעצט אויף דער זעלביקער באַנק, וואו איזי איז געזעסן.

— וואָס זיצסטו דאָ איינער אַליין? היינט איז דאָך „מאַדערס דיי״. האָסט נישט קיין מאַמען?

דעם וועכטערס פראַגע האָט איזין איבערגעשראָקן. שנעל האָט ער אים געענטפערט:

— איך האָב אַ מאַמע.

— איז האָסטו איר שוין געגעבן אַ מתנה צו „מאַדערס דיי״?

— ניין. איך האָב נישט געהאַט קיין געלט צו קויפן.

דער אַלטער וועכטער האָט אַ ווײַלע געטראַכט:

—זאָל איך דיר געבן שיינע בלומען פאַר דיין מאַמען?

איזי עפנט ברייט זיינע בלויע אויגן. דאַכט זיך, אַז דער אַלטער לאַכט פון אים.

— יאָ, איך קאָן דיר געבן זייער שיינע בלומען.

— איך וואָלט געווען גליקלעך — זאָגט איזי.

דער אַלטער וועכטער, וואָס האָט זיך געיאָגט נאָך יעדן קינד, וואָס האָט אַמאָל אַ טראָט געטאָן אויפן גראָז, איז איצט געווען גרייט צו געבן איזין בלומען אויף „מאַדערס דיי״.



איזי קוקט פון ווייטן, ווי דער וועכטער שניידט בלום נאָך בלום.

דער וועכטער קומט צו צו איזין. אין האַנט האַלט ער אַ גרויסן בוקעט רויטע בלומען.

— דו ביסט אַ גוטער יינגל. גיי אַהיים און גיב די בלומען דיין מאַמען.

איזי איז שנעל געלאָפן אַהיים:

— מאַמע, דאָס איז פאַר דיר אויף „מאַדערס דיי". דער וועכטער פון פּאַרק האָט מיר געגעבן.

— די שענסטע מתנה! — האָט די מאַמע געזאָגט.

זי האָט אַריינגעשטעלט די בלומען אין אַ גרויסער וואַזע.

איזיס אויגן האָבן געשטראַלט פאַר פרייד.

## שווערע ווערטער:

| | |
|---|---|
| געקלערט — געטראַכט | בלומען — flowers |
| אומעטיקע — sad | פאַרדאַכט — suspicion |
| וועכטער — watchman | געשטראַלט — beaming |

## פראַגעס:

פאַר וואָס האָט איזי ניט געקויפט דער מאַמען קיין מתנה?

צוליב וואָס איז ער אַוועק אין פּאַרק?

וואו האָט ער געקראָגן בלומען?

וואָס פאַר אַ מתנה האָסטו געגעבן דיין מאַמען „מוטערס טאָג"?

## מאַך פון איינס — אַ סך

| | |
|---|---|
| יינגל — יינגלעך | היים — היימען |
| מיידל — ______ | קאָם — ______ |
| הינדל — ______ | בלום — ______ |
| הענטל — ______ | בין — ______ |
| פיסל — ______ | מאַשין — ______ |



# אַ מעשה מיט אַ פייער־קרעקער

דעם פערטן יולי האָבן די קינדער, צוליב דעם טאָג פון אַמעריקעס באַפרייאונג, איבערגעקערט אַ וועלט, און, פאַרשטייט זיך, אַז אויך דער יינגל בעני האָט געהאָלפן איבערקערן די וועלט.

עס רעדט זיך אַזוי: איבערקערן די וועלט! וואָרים וויפיל מאָל עס איז שוין געווען דער פערטער יולי, און די וועלט שטייט נאָך אויף איר אָרט. די מאַמע זאָגט נאָר:

— קינדער, קערט ניט איבער די וועלט!

און מיינען מיינט זי, אַז מען זאָל צופיל ניט שטיפן.

די מאַמע איז גערעכט. אָבער אַז די קינדער גייען אַרויס אין גאַס, פאַרגעסן זיי זיך, וואָס די מאַמע האָט זיי אָנגעזאָגט. ווער רעדט נאָך אַז מען האָט פייער־קרעקערס, וואָס שיסן און קנאַקן, אַזש עס גייט אַ רויך אין דער הויך!

גאַנץ פרי שטייען אויף די קינדער דעם פערטן יולי, ווייל זיי ווילן וואָס מער פייער־קרעקערס אויסשיסן. דער טאַטע שלאָפט נאָך, ווייל עס איז דאָך עפּעס יום־טוב, קאָן מען שלאָפן שפּעטער אַ ביסל.

דער טאַטע דערהערט אָבער גאַנץ פרי די שיסעריי און קנאַקעריי, כאַפּט ער זיך אויף ניט טויט, ניט לעבעדיק, און גיט אַ קוק אויפן וועק־זייגער. ער מיינט, אַז דער וועק־זייגער האָט דאָס אים אויפגעוועקט.

אויפגעוועקט האָט דעם טאַטן
ניט דער וועקער, ניט דער וועקער,
אויפגעוועקט האָט דעם טאַטן
אַ פייער־קרעקער, אַ פייער־קרעקער.

און דאָ הערט ניט אויף די שיסעריי מיט דער קנאַקעריי. רייבט דער טאַטע אויס די פאַרשלאָפענע אויגן און דערמאָנט זיך מיט אַ

שמייכל, אַז היינט איז דער פּערטער יולי, און די קינדער קערן אַ וועלט אין דרויסן, און זיין בעני אויך.

בעני האָט געהאַטביידע קעשענעס פון זיין רעקל אָנגעשטאָפּט מיט פייער־קרעקערס, און טאַמער וועט אויסגיין, איז אין קראָם נאָך פאַראַן. נאָר דערווייל האָט ער גענוג, שיסט ער און קנאַקט ער, אַזש אַ רויך גייט!

האָט בעני געשאָסן און געקנאַקט. און אָט איז שוין באַלד אוים: נאָך איין פייער־קרעקער געבליבן. האָט בעני געוואָלט שוין אויס־שיסן דעם לעצטן פייער־קרעקער, איז אָבער ניט געגאַנגען! דער פייער־קרעקער האָט ניט געוואָלט אויסשיסן, כאָטש שים אים!

בעני האָט שוין פאַרשטאַנען, אַז עס טויג ניט. נו, מילא טויג ניט, טויג ניט. האָט בעני אַ וואָרף געטאָן דעם ניט־גוטן פייער־קרעקער און איז אַריין אין הויז בעטן ביי דער מאַמען געלט אויף נאָך פייער־קרעקערס. די מאַמע אָבער האָט אים ניט געגעבן.

— גענוג צו שיסן היינט! — האָט זי צו אים געזאָגט — לאָז אויף איבער אַ יאָר, ווען עס וועט זיין נאָך אַ פערטער יולי.

בעני האָט שוין געוואָלט נעמען וויינען, אָבער די מאַמע האָט צו אים געזאָגט:

— מיין קינד, עס וועט דיר גאָר ניט העלפן! האָסט גענוג גע־שאָסן און געקנאַקט.

מילא, בעני האָט געזען, אַז ער קען גאָר ניט מאַכן מיט דער מאַמען, און צום טאַטן האָט ער ניט געוואָלט גיין, ווייל ער האָט געוואוסט, אַז אויב די מאַמע גיט ניט, גיט דער טאַטע אויך ניט. נו, איז ער אַרויס צוריק אין גאַס קוקן, ווי עס שיסן און קנאַקן די יינגלעך, וועלכע האָבן נאָך פייער־קרעקערס, איז ער געשטאַנען און האָט געקוקט ביז ביי יענע האָט זיך אויך אויסגעלאָזן.

ביינאַכט, ווען בעני האָט זיך געלייגט שלאָפן, האָט זיך אים געחלומט דער פייער־קרעקער. ער איז געגאַנגען אויף שטאָלצן גע־מאַכט פון שוועבעלעך און אין מויל האָט ער געהאַלטן אַ ציגאַר, וואָס האָט זיך גערויכערט.

— גוט יום־טוב, בעני! — האָט אים דער פייער־קרעקער באַ־גריסט — נעם און שים מיך אוים!

מאַכט צו אים בעני:

— אַז דו טויגסט דאָך ניט!

זאָגט דער פייער־קרעקער:

— איך טויג שוין יאָ! וואָרים ווען דו האָסט מיך אַ וואָרף געטאָן, האָב איך זיך אויפגעשטעלט און בין אַוועק אין פאַבריק.

און דער פייער-קרעקער האָט גענומען שפרינגען און זינגען:

איך פאַבריק, אין פאַבריק
מאַכן זיי גוט צוריק.
איצטער, בעני, נעם און שים —
איך וועל פּלאַצן אויף געווים.

פרעגט בעני:

— און וואו זאָל איך נעמען אַ שוועבעלע דיך אָנצוצינדן?

ענטפערט דער פייער-קרעקער:

— נעם מיין שוועבעלע און לייג צו צום ציגאַר, וואָס איך האַלט אין מויל, וועסטו שוין זען, וואָס עס וועט זיין!

און בעני האָט אַזוי געטאָן, און עס האָט זיך דערהערט אַ שאָס מיט אַ קנאַק, אַזש בעני האָט זיך פון שלאָף אויפגעכאַפּט.

אָבער דאָס האָט גאָר געקלונגען דער וועק-זייגער, וואָס האָט געוועקט דעם טאַטן צו דער אַרבעט.

ניט געווען קיין פייער-קרעקער,
נאָר דער וועקער, נאָר דער וועקער!

בעני האָט געזען, אַז עס איז נאָך פרי און לערנען אין שול דאַרף ער ניט גיין, וואָרים עס האָט זיך שוין אָנגעהויבן די וואַקאַציע, האָט ער זיך צוריק געלייגט שלאָפן.

## שווערע ווערטער:

| | |
|---|---|
| שטיפן — to play | מילא — well |
| גערעכט — right | שטאָלצן — stilts |
| וועק-זייגער — alarm clock | פאַבריק — factory |
| קעשענעס — pockets | פּלאַצן — burst |

## שרייב אַריין אַ צייכן לעבן ריכטיק אָדער פאַלש.

דער פערטער יולי איז אַ יום-טוב, ווייל לינקאָלן האָט באַפרייט די נעגערס. ריכטיק ☐ פאַלש ☐

דער פערטער יולי איז אַ יום-טוב, ווייל אַמעריקע איז געוואָרן פריי. ריכטיק ☐ פאַלש ☐

דעם פערטן יולי האָט קאָלומבוס אַנטדעקט אַמעריקע. ריכטיק ☐ פאַלש ☐

## אַ פּערטער יולי

אסתּר: איז פֿאַראַן אַ „פֿערטער יולי" אין ענגלאַנד?

מילדרעד: פֿאַרשטייט זיך, אַז ניט.

אסתּר: אויב אַזוי, וואָס זשע פֿאַר אַ טאָג קומט נאָך דעם דריטן יולי?

### איך — דו — ער

| | | |
|---|---|---|
| איך זיץ. | דו ———— | ער ———— |
| איך שלאָף. | דו ———— | ער ———— |
| איך וואַש. | דו ———— | ער ———— |
| איך קלאַפּ. | דו ———— | זי ———— |
| איך פֿאָר. | דו ———— | זי ———— |
| איך טראַכט. | דו ———— | זי ———— |

| אין יידיש זאָגט מען: | אין ענגליש זאָגט מען: |
|---|---|
| ער איז פֿאַרקילט | He has a cold |
| זי האָט ניט קיין בוך | She has no book |
| איך האָב ניט קיין בלייער | I have no pencil |
| וואָס מאַכסטו? | How are you? |
| זיי אַזוי גוט. איך בעט דיך. | Please! |

### האָב און בין און וועל

(שטעל צו די ווערטער)

איך —— צוגעלאָפֿן אין הויז אַריין און —— גענומען אַ בוך, וואָס איך —— נעכטן געלייענט.

מיטוואָך —— איך זיין ביי יאַנקלען און —— מיט אים גיין אין טעאַטער.

היינט —— איך אַ גאַנצן טאָג אין הויז. איך —— פֿאַרנומען מיט מיינע לעקציעס.

# אחאב און נבות

נבות האָט געהאַט אַ שיינעם, גרויסן ווייַנגאָרטן לעבן פּאַלאַץ פון קעניג אחאב. דער ווייַנגאָרטן איז זייער געפעלן געוואָרן דעם קענג אחאב. רופט זיך אָפּ אחאב צו נבותן:

— דיין ווייַנגאָרטן איז לעבן מיין הויז. גיב מיר אים אַוועק און איך וועל דיר דערפאַר געבן נאָך אַ בעסערן ווייַנגאָרטן אויף אַן אַנדער פּלאַץ, אָדער איך וועל דיר באַצאָלן וויפיל דו וועסט נאָר וועלן.

האָט נבות געזאָגט צו אחאבן:

— איך קען דיר ניט אַוועקגעבן, אָדער פאַרקויפן דעם ווייַנגאָרטן, ווייל מיין טאַטע און מיין טאַטנס טאַטע האָבן געהאַט דעם ווייַנגאָרטן.

האָט אחאבן פאַרדראָסן, וואָס ער קען ניט קריגן דעם ווייַנגאָרטן. איז ער אַוועק אַהיים אַ טרויעריקער. ער האָט זיך אַוועקגעלייגט אין בעט און ניט געוואָלט עסן.

האָט אים זיין ווייב, איזבל, געפרעגט, פאַר וואָס ער איז אַזוי טרויעריק און פאַר וואָס ער עסט ניט. האָט איר אחאב דערציילט.

האָט איזבל געזאָגט:

— קום עסן און זיי ניט טרויעריק. איך וועל שוין זען, אַז דו זאָלסט האָבן דעם ווייַנגאָרטן.

און איזבל האָט אָנגעשריבן אַ בריוו צו די עלטסטע פון שטאָט און אין בריוו האָט זי געשריבן, אַז נבות האָט באַליידיקט דעם קעניג און אַז מען זאָל אים דערפאַר פאַרמשפּטן צום טויט.

זי האָט געשיקט פאַלשע עדות, וועלכע האָבן דערציילט, אַז זיי האָבן געהערט ווי נבות האָט באַליידיקט דעם קעניג.

די עלטסטע האָבן נבותן פאַרמפּשט צום טויט און מען האָט נבותן דערהרגעט.

ווען איזבל האָט אויסגעפונען, אַז נבות איז שוין טויט, איז זי געקומען צו אחאבן און אים געזאָגט:

— גיי און נעם דעם ווייַנגאָרטן וואָס נבות האָט דיר ניט געוואָלט פאַרקויפן. נבות איז שוין טויט.

איז אחאב אַוועק איבערנעמען דעם ווייַנגאָרטן.

מיט אַמאָל האָט זיך באַוויזן אליהו און אויסגעשריען צו אחאבן:

— האָסט אים דערהרגעט און איצט גייסטו נאָך צונעמען זיין ווייַנגאָרטן? דערפאַר וועסטו האָבן אַ שלעכטן סוף.



אחאב האָט זיך דערשראָקן און ער איז אַוועק אַ טרויעריקער אַהיים.

אין אַ קורצער צייט אַרום האָט אויסגעבראָכן אַ מלחמה. אחאב איז פאַרוואונדעט געוואָרן און געשטאָרבן. זיין סוף איז געווען זייער אַ שלעכטער.

## שווערע ווערטער:

| | |
|---|---|
| ווייִנגאָרטן — vineyard | פאַרמשפּטן — to sentence |
| באַליידיקט — insulted | דערהרגעט — killed |
| עדות — witness | |

## פראַגעס:

פאַר וואָס האָט אחאב געוואָלט האָבן נבותעס גאָרטן?

פאַר וואָס האָט דער קעניג אויפגעהערט צו עסן?

ווי אַזוי האָט איזבל באַקומען דעם גאָרטן?

וואָס האָט אליהו געזאָגט אחאבן?

פון וואָס איז אחאב געשטאָרבן?

## האָב און בין

איך —— נעכטן געשריבן אַ בריוו און —— אים אַריינגעוואָרפן אין בריוו-קעסטל.

איך —— נעכטן געווען ביי מיין חבר און —— געזעסן ביז פאַרנאַכט.

זיין טאַטע —— אונדז דערציילט אַ מעשה און דערנאָך —— ער אונדז געהייסן דערציילן מעשות.



## דער שיפער

ס׳האָט דער רעגן אויפגעהערט,
דער הימל איז שוין אויסגעקלערט,
נאָר די דעכער זײַנען נאַס,
רינען טײַכעלעך אין גאַס,
רינען, רינען, רינען!

כ׳האָב מײַן שיפעלע געפונען,
אויפן וואַסער עס געלאָזט,
און עס קומט דער ווינט און בלאָזט,
יאָגט מײַן שיפעלע געשווינד
אויף די פליגל פונעם ווינט.

פלי דיר, פלי, מײַן שיפעלע!
און וואוהין פליסטו, שיפעלע?
— צו דער פרײַער וועלט אַהין,
וואו ס׳איז ליכטיק, וואו ס׳איז גרין,
פויגל זינגט, בלימל בליט. —
— שיפל, שיפל, נעם מיך מיט!



# דוד

## 1. דער זומער איז אַוועק

שוין, דער זומער איז ניטאָ. ערגעץ זיך אַוועקגעגאַנגען. איז געקומען דער האַרבסט. איז געוואָרן קאַלט. זיינען אַלע קינדער פון קעמפּ געוואָרן זייער טרויעריק.

איין מאָל, מיטוואָך, רופן זיך אָן די לערער צו די קינדער: „איר ווייסט, מאָרגן וועלן קומען צו פאָרן אַ סך אָטאָמאָבילן און וועלן אונדז אַלע אַהיים נעמען אין שטאָט אַריין.“

באַלד זיינען די קינדער געלאָפן צום וועלדל, זיך אָפּגעשטעלט דאָרטן און געזאָגט:

— וועלדל, וועלדל, זיי געזונט. מיר פאָרן מאָרגן אין שטאָט אַריין.

זיינען די קינדער געלאָפן צום טייכל, זיך אָפּגעשטעלט און געזאָגט:

— טייכל, שיפלעך, זייט געזונט. מיר פאָרן מאָרגן אין שטאָט אַריין.

שפּעטער זיינען אַלע קינדער אַרויפגעלאָפן אויפן באַרג, האָבן זיי דערזען די פעלדער אַרום און אַרום, האָבן זיי געזאָגט:

— פעלדער, פעלדער, זייט געזונט. מיר פאָרן מאָרגן אין שטאָט אַריין.

דערנאָכדעם זיינען אַלע קינדער געלאָפן אין די ביידלעך אַריין און האָבן זיך געלייגט שלאָפן.

## 2. דוד טראַכט עפּעס צו

דוד האָט אָבער ניט געקאָנט אַנטשלאָפֿן ווערן. ער איז געווען זייער טרויעריק.

אַז ס׳איז געקומען דער זומער, האָט אים זיין טאַטע געשיקט אין קעמפּ אַריין. איז דודן געווען אַזוי פֿריילעך:

אַזוי פֿיל קינדערלעך אין קעמפּ, אַזאַ שיין וועלדל, אַזאַ וואויל טייכל. און פּלוצלונג אין מיטן דרינען נעמט דער זומער און גייט זיך גאָר אַוועק. וויל דוד ניט פֿאָרן צוריק אין שטאָט אַריין. ער וויל בעסער בלייבן אין קעמפּ. וואָס-זשע טוט מען? טראַכט דוד און טראַכט, ביז ער איז געפֿאַלן אויף אַ פּלאַן: פֿאַרטאָג, ווען אַלע זיינען נאָך געשלאָפֿן, האָט זיך דוד שטילינקערהייט אַרויסגעגנבעט פֿון ביידל, אַוועק אין וועלדל און זיך געזעצט אונטער אַ בוים. זיצט ער...

דערווייל זיינען צוגעפֿאָרן אַ סאַך אָטאָמאָבילן. אַלע קינדער מיט די לערער האָבן זיך אַריינגעזעצט. דער-נאָכדעם האָבן אַלע אָטאָמאָבילן געגעבן אַ פֿייף: טרו-טו-טו, און פֿאַרטיק...

דער קעמפּ איז געבליבן ליידיק. אַוועקגעפֿאָרן אַלע, און קיינער האָט אַפֿילו ניט געוואוסט, אַז דוד האָט זיך באַהאַלטן אין וועלדל.

## 3. דוד איז אַליין אין קעמפּ

גייט ער איבערן וועלדל און זינגט זיך, ביז ער קומט צום טייכל. זעט דוד, ווי ביים ברעג שטייט אַ שיפל און הוידעט זיך. רופֿט ער זיך אָן:

— אַ נו, שיפעלע דו מיינס, גיב זיך נאָר אַ ריר, און גיב זיך אַ שיף גיך, געשווינט.

האָט ס׳שיפל זיך אַ ריר געטאָן און האָט זיך געגעבן אַ שיף גיך און געשווינט. שיפֿט זיך אַזוי דאָוויד איבערן טייכל און זינגט אַלערליי לידלעך.

אַזוי איז דוד געפֿאָרן אַ גאַנצן טאָג און ס׳איז אים געווען זייער פֿריילעך. איז אָבער געקומען די נאַכט, איז

געוואָרן פינצטער און ס׳איז געוואָרן קאַלט. דוד איז געבליבן זיצן איינער אַליין אין דער פינצטערער נאַכט. אים איז קאַלט געוואָרן, האָט ער שוין געוואָלט שלאָפן און קיינער איז גאָר ניטאָ. האָט גענומען דוד און זיך צעוויינט.

4. דוד באַגעגנט זיך מיט דזשאַנען

דערווייל האָט דער אַלטער דזשאַן, וואָס גייט און הוסט, געהערט ווי עמעצער וויינט. טראַכט ער ביי זיך: ווער קאָן עס וויינען? אַ נו, לאָמיר נאָר צוגיין אַ קוק טאָן. איז דזשאַן צוגעגאַנגען צום טייכל אַזוי שטיל, שטיל און האָט געטראָפן דודן. רופט זיך אָן דער אַלטער דזשאַן צו אים: איי, דו! פאַרוואָס ביסטו ניט אַוועקגעפאָרן היינט גאַנץ פרי מיט אַלע קינדער אין שטאָט אַריין? זאָגט דוד: איך וויל ניט פאָרן אין שטאָט אַריין, איך וויל בעסער בלייבן דאָ. זאָגט אים דזשאַן: וואָס הייסט, דו ווילסט בלייבן דאָ? אָט וועט באַלד קומען דער ווינטער, עס וועט פאַלן אַ שניי, ס׳טייכל וועט פאַרפרוירן ווערן, ס׳וועלדל וועט זיך לייגן שלאָפן אויף אַ גאַנצן ווינטער און דיר וועט זיין אומעטיק.

רופט זיך אָן דוד: ווייסטו וואָס, אַלטער דזשאַן, אַז דער ווינטער וועט קומען און ס׳וועט פאַלן אַ שניי און ס׳טייכל וועט פאַרפרוירן ווערן און ס׳וועלדל וועט זיך לייגן שלאָפן, וועלן מיר פאַרשליסן די טיר, מיר וועלן איינהייצן דעם אויוון און דו וועסט מיר דערציילן שיינע מעשהלעך.



זאָגט דזשאַן: גוט.

איז געקומען דער ווינטער, האָבן זיי איינגעהייצט דעם אויוון און דער אַלטער דזשאַן האָט דער-ציילט דודן שיינע מעשהלעך . . .




# לאַבזיק לערנט יידיש

לאַבזיק האָט זייער ליב צו גיין אין שול. ניט אין דער ענגלישער שול, נאָר אין דער יידישער שול. ער קומט אַלע טאָג מיט רבקהלען. לייגט זיך אַנידער אונטערן טישל, און קוקט פון דאָרטן אַרויס צו די קינדער, וואָס זיצן אויף די בענקלעך און טוען זייער אַרבעט. זיין קוקן אויף די קינדער איז ניט גלאַט אַזוי אין דער וועלט אַריין. דאָס העלפט ער אַרויס דער לערערין האַלטן אָרדענונג אין קלאַס. גיט די לערערין אַ פּאַטש אין טיש און זאָגט: „קינדער, שטיל זאָל זיין." גיט לאַבזיק באַלד אַ מאַך:

— האַוו, האַוו.

דאָס הייסט, אַז ער וויל אויך, אַז ס'זאָל זיין שטיל.

בייזערט זיך די לערערין אויף אסתרן און שרייט:

— אסתר, וויפיל מאָל האָב איך דיר געזאָגט, אַז מען דאַרף צוגרייטן היים-אַרבעט?

— האַוו, האַוו, — בייזערט זיך דעמאָלט אויך לאַבזיק, פאַרוואָס זי פאַרגעסט די היים-אַרבעט.

געווען עטלעכע קינדער אין שול, וואָס האָבן ליב געהאַט אוועקצונעמען דאָס קרייד. די לערערין האָט דאָס ניט ליב. ערשטנס, קאָסט דאָס געלט. צווייטנס, וואָס עפּעס אַ שלעפּעניש? פון זינט אָבער לאַבזיק האָט זיך אָנגעהויבן לערנען אין דער שול, שלעפּט מען שוין ניט קיין קרייד. ער גיט שוין אַכטונג, באַזונדערס אויף גודין. גודי, אַז ער דערזעט נאָר אַ שטיקל קרייד, אַזוי כאַפּט ער דאָס גלייך אַוועק. האָט זיך לאַבזיק דערוואוסט פון דעם, און

גודי קאָן שוין מערער ניט שלעפֿן קיין קרייד. אַ נו, זאָל ער יאָ שלעפֿן, וועט לאַבזיק אָנהייבן צו שפּרינגען קעגן אים, האַווקען, שטשירען די ציינדלעך, און גודי נעבעך מוז שוין אַרויסנעמען צוריק דאָס שטיקל קרייד פֿון דער קעשענע און דאָס אַנידערלייגן אויף דעם פֿריערדיקן פּלאַץ.

אָבער ניט דאָס וויל איך אייך דערציילן. איך וויל אייך דערציילן וועגן רעדן יידיש אין קלאַס. די לערערין וויל, אַז די קינדער זאָלן רעדן יידיש אין קלאַס.

— ס׳איז דאָך אַ יידישע שול — טענהט זי — אייערע טאַטעס און מאַמעס ווילן דאָך, אַז איר זאָלט זיך אויס־לערנען רעדן יידיש. וואָס־זשע איז דאָס פֿאַר אַן ענגליש רעדן אין קלאַס, וואָס? קאַרג רעדט איר ענגליש אין גאַס, אַ? פֿון היינט און ווייטער מאַכן מיר אַזוי, אַז ווער עס רעדט אויס אַן ענגליש וואָרט, ווערט באַשטראָפֿט מיט אַ שלעכטן צייכן — אַ מינוס. אָט הענג איך אויף אַ צעטל אויף דער וואַנט מיט יעדנס נאָמען. רעדט מען אויס אַן ענגליש וואָרט, שטעל איך גלייך אַ מינוס לעבן יענעמס נאָמען.

— נו, און לאַבזיק? — פֿרעגט אסתּר מיטן קליינעם נעזל.

— יאָ, טאַקע, און לאַבזיק? כאַ, כאַ, כאַ! — ווערט אַ טומל.

— לאַבזיק פֿאַרשטייט סיי ווי סיי ניט קיין ענגליש — רופֿט זיך אָן רבקה. — מיר רעדן צו לאַבזיקן בלויז אין יידיש.

— וואָס דאַרפֿט איר זיך זאָרגן וועגן לאַבזיקן? — זאָגט די לערערין. — ער וועט שוין זיין שטעטל אַליין באַשטיין. איז הייסט דאָס, אָפּגעמאַכט?

— אָפּגעמאַכט! — רופֿן זיך אָן אַלע קינדער.

— הויבט אויף יעדער איינער זיין האַנט און זאָגט צו.

הויבן אויף די קינדער יעדער איינער זיין האַנט און זאָגט צו:

— פֿון היינט און ווייטער, רעדן מיר אין קלאַס בלויז יידיש.

לאַבזיק קוקט זיך צו צו דער גאַנצער מעשה, און פאַר־שטייט קיין וואָרט ניט. אָבער ער וועט שוין אויסגעפינען, וואָס מען האָט אָפּגעמאַכט. איר מעגט זיך שוין אויף לאַבזיקן פאַרלאָזן.

גייען אַוועק עטלעכע טעג. זעט לאַבזיק ווי אַלע מאָל שטעלט די לערערין אָפּ אַן אַנדער קינד און זאָגט:

— אסתר, האָסט געזאָגט אַן ענגליש וואָרט — מינוס. — און שרייבט צו גלייך אַ מינוס לעבן איר נאָמען.

— גודי, ווידער אַן ענגליש וואָרט.

— בעני, דו אויך?

— אויף דיר, רבקהלע, וואָלט איך זיך שוין גאָר ניט געגלויבט.

היטן זיך די קינדער און פּרובירן רעדן בלויז יידיש. אָבער איר ווייסט דאָך, ווי קינדער זיינען, זיי קאָנען זיך ניט איינהאַלטן. איז איינמאָל, ווען די לערערין איז אַרויס־געגאַנגען אויף אַ פּאָר מינוט, רופט זיך אָן גודי:

— אַלבעטשע, מיר וועלן שוין היינט מערער ניט לערנען.

— האַוו, האַוו, — הייבט אָן צו שפּרינגען קעגן אים דאָס הינטעלע און שטשירעט מיט די ציינדלעך.

— לאַבזיק, וואָט׳ס די מעדער וויט יו? איך האָב דאָך קיין קרייד ניט גענומען.

— האַוו, האַוו! — איז לאַבזיק נאָך מער אין כעס.

— וואָס טאַקע האַווקעט ער אויף גודין? — וואונדערט זיך אסתר.

— איט׳ס דזשאָסט פּאַר פּאָן — מאַכט סילוויע.

— האַוו, האַוו! — האַווקעט ער אויך אויף סילוויען.

— איי קענט מייק אים אַוט, — זאָגט פּעני.

— האַוו, האַוו! —האַווקעט ער אויך אויף פּענין.

— וואָס איז דאָס פאַר אַ האַווקעריי? — וואונדערט זיך די לערערין, ווען זי איז אין אַ פּאָר מינוט אַרום אַריינ־געקומען צוריק אין קלאַס.

— מיר ווייסן ניט, פאַרוואָס ער האַווקעט, — מאַכט סיידי.

— אָבער עפּעס איז מסתמא געשען? — לאָזט די

לערערין ניט אָפּ די גאַנצע מעשׂה. — האָט איר געשלעפּט קרייד?

— ניין, — ענטפערן די קינדער.

— האָט איר געמאַכט אַ טומל?

— ניין.

— וואָס-זשע דען?

— איך ווייס ניט. איי טהינק הי איז קרייזי, דהעט לאַבזיק, — מיינט אסתּר.

— האַוו, האַוו, און האַוו האַוו! — שפּרינגט ער אסתּרן גלייך אַנטקעגן פּנים. — האַוו, האַוו!

— אַ, אַ, — ווייסט שוין רבֿקהלע. — ס'איז דערפֿאַר, וואָס מען רעדט ענגליש אין קלאַס.

— ריכטיק, ריכטיק, — מאַכט די לערערין. — אסתּר, איך שטעל דיר אַ מינוס.

ווי באַלד די לערערין האָט צוגעשטעלט אַ מינוס לעבן אסתּרס נאָמען, אַזוי איז לאַבזיק תּיכּף שטיל געוואָרן, זיך צוריקגעקערט צו זיין שטענדיקן פּלאַץ אונטערן טיש. זיך אַנידערגעלייגט דאָרטן און איז שוין געווען צופֿרידן.



### מאַך פֿון איינס — אַ סך

| | |
|---|---|
| בילד — בילדער | שטוב — שטיבער |
| פֿעלד — ________ | ברודער— ________ |
| וואַלד — ________ | מאַן — ________ |
| בוים — ________ | לאַנד — ________ |
| קינד — ________ | מויל — ________ |

## דער באַרימער

וועט אייך עפּעס זאָגן שלום,
און אייך קוקן אין די אויגן,
זאָלט איר וויסן, ס׳איז אַ חלום —
נישט געשטויגן, נישט געפֿלויגן.

כ׳האָב מיין מעסערל געבראַכט,
נעם איך שלומען עס ווייזן,
קוקט ער עס אַרום, באַטראַכט,
און ער זאָגט: — ס׳איז דאָך פֿון אייזן!
אָט ביי מיר פֿאַראַן אַ מעסער,
איז ער טאַקע צען מאָל בעסער!

ווייז איך אים דעם בלייער מיינעם,
טוט ער עפּעס שטיל אַ רעכן
און ער זאָגט: — טאַקע אַ פיינער,
נאָר ער וועט זיך גלייך צעברעכן.
אָט ביי מיר פֿאַראַן אַ בלייער,
האָט ניט מורא פֿאַר קיין פייער!

ווייז איך אים מיין נייעם שליטן,
טוט ער אים אַ גלעט פֿון פֿאָרנט
און ער זאָגט: — דו זאָלסט זיך היטן
פֿון אַ באַרג מיט אים צו פֿאָרן!
אָט ביי מיר פֿאַראַן אַ שליטן,
כ׳וואָלט אויף קיינעמס אים פֿאַרביטן!

> אַ ליגנער, אַז ער זאָגט דעם אמת,
> גלויבט מען אים שוין אויך ניט.



# אַ מיידעלע, וואָס האָט געראַטעוועט אַ באַן

## 1.

פראָניעס טאַטע איז געווען אַ וועכטער ביי דער באַן. זי פלעגט שטענדיק צוקוקן, ווי דער טאַטע אירער פלעגט עטלעכע מאָל אין טאָג אַרויסגיין באַגעגענען און באַגלייטן די פאַרביילויפנדיקע באַנען. ביי טאָג פלעגט ער האַלטן אין האַנט אַ פענדל און ביינאַכט — אַן אָנגעצונדענע לאַמטערנע.

און פראָניען איז דאָס באַגעגענען די באַנען זייער געפעלן געוואָרן. ווי נאָר זי פלעגט דערהערן, אַז עס רוישט פון דער וויטנס דער לאָקאָמאָטיוו, פלעגט זי אַרויסלויפן פון שטיבל און זיך לאָזן אַנטקעגן, ביז צו די סאַמע רעלסן.

ווען פראָניע איז עלטער געוואָרן איז זי געגאַנגען אין שול און נאָכן לערנען פלעגט זי העלפן דעם טאַטן אין זיין אַרבעט. זי האָט שוין געוואוסט, אַז איידער עס גייט דורך אַ באַן, מוז דער טאַטע אַרומקוקן אַ געוויסע שטרעקע אַרום און אַרום, צי די רעלסן זיינען ניט צעשטערט געוואָרן, צי ס׳איז שטאַרק גענוג די בריק. און אַז ער פלעגט זען, אַז אַלץ איז אין אָרדענונג, פלעגט ער זיך אַוועקשטעלן אויף זיין פלאַץ מיט אַ גרין פענדל אין האַנט.

דאָס גרינע פענדל איז געווען אַ סימן, אַז אַלץ איז ווי עס דאַרף צו זיין און די באַן קאָן זיך לאָזן ווייטער אין וועג אַריין. אויב אָבער דער פאָטער האָט ערגעץ באַמערקט, אַז עפּעס איז ניט אָרדענונג, פלעגט ער אָנהייבן פאָכען מיט אַ רויט פענדל אַהין און אַהער, ביז די באַן פלעגט זיך אָפּשטעלן.

פראָניע האָט זיך גוט צוגעקוקט צו די אַלע זאַכן און האָט זיך

געפרייט, וואָס זי קאָן שוין ברענגען נוצן דעם פאָטער. זי פלעגט אָפט זאָגן מיט שטאָלץ:

— גיי, טאַטע, דו האָסט דאָך אַנדערע אַרבעט, און די באָן וועל איך שוין באַגעגענען אַליין.

און דאָס מיידעלע איז געווען אַזוי פּינקטלעך, אַז מען האָט זיך אויף איר גאַנץ זיכער געקאָנט פאַרלאָזן.

## .2

מאַכט זיך אָבער איין מאָל, אַז דער פאָטער האָט זיך שטאַרק פאַרקילט. ער האָט באַקומען אַ לונגען־אַנטצינדונג און זיך אַריינ־געלייגט אין בעט. די מאַמע איז ניט אָפּגעטראָטן פון אים, און פראַניע האָט שוין געמוזט אַליין אָפּהיטן יעדע באַן.

אַז דער טאַטע איז געשטאָרבן, האָט פראַניע געטאָן זיין אַרבעט.

— גענוג שוין צו וויינען, מאַמע האַרציקע —האָט זי געזאָגט — קאָנסט נאָך אויך קראַנק ווערן.

די מאַמע האָט זיך געהאַלטן אין איין זאָרגן:

— מ׳וועט אונדז נאָך פון שטיבל אַרויסטרייבן. אויף אַזאַ אַרבעט מוז מען דאָך האָבן אַ מאַן.

— פאַרוואָס זאָל מען אונדז פון דאַנען אַרויסטרייבן, מאַמע? — האָט געפרעגט פראַניע. — איך היט דאָך אָפּ יעדע באַן, און זינט דער טאַטע איז קראַנק געוואָרן, האָב איך דאָך אַפילו קיין איין באַן ניט דורכגעלאָזט.

— פונדעסטוועגן וועט מען אונדז אַרויסטרייבן און נעמען אַ נייעם וועכטער.

אין גיכן איז אָנגעקומען דער אינספּעקטאָר פון דער באַן. פראַניעס מאַמע האָט אים געבעטן, ער זאָל זיי דאָ אויף ווייטער איבערלאָזן.

— שוין אַ חודש אַוועק, און ס׳האָט זיך גאָרנישט געטראָפן פאַר דער צייט — האָט זי אַלץ געטענהט — איך וועל מיט דער טאָכטער מיינער אויפּפּאַסן, און דערוויייל וועט אונטערוואַקסן מיין זון און פאַר־נעמען דעם טאַטנס אָרט.

דער אינספּעקטאָר האָט רחמנות געהאַט אויף דער אָרעמער אלמנה.

— גוט, איך וועל טאָן אַלץ, וואָס איך קאָן נאָר — האָט ער געזאָגט.

אַזוי האָט די אָרעמע פֿרוי אָנגעהויבן לעבן אין איין שרעק, מען זאָל זי ניט אַרויסטרייבן פֿון איר היים.

און פֿראַניע האָט פֿאַר דער צייט וואונדער געוויזן: צווישן איין באַן און דער אַנדערער פֿלעגט זי לויפֿן אין שול און נאָך דעם שטיין אויף איר פּלאַץ און באַגלייטן די לאַנגע קייט וואַגאָנען, וואָס פֿלעגט זיך יאָגן איבער בערג און וועלדער.

### .3

מאַכט זיך איין מאָל אַ שרעקלעכער שטורעם. פֿון אין דער פֿרי אָן האָט געשאָטן אַ שניי, און פֿאַרנאַכט האָבן מוראדיקע ווינטן אָנגעהויבן פֿייפֿן אין די בערג.

פֿראַניע האָט ערשט ניט לאַנג אַרומגעקוקט די רעלסן און איז געזעסן און האָט אָפּגעוואַרט די פֿאַרנאַכטיקע באַן.

פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ שרעקלעכער קלאַפּ, אַזש דאָס גאַנצע הייזל האָט זיך אַ טרייסל געטאָן.

— וואָס איז דאָס אַזוינס? מ'דאַרף גיין אַ קוק טאָן — האָט פֿראַניע אַ זאָג געטאָן.

און פֿראַניע האָט אָנגעטאָן איר מאַנטל, גענומען די לאַמטערנע און איז אַרויסגעגאַנגען. אין פֿינף מינוט אַרום איז זי צוריקגעקומען אַ דערשראָקענע.

— אַן אומגליק! די בריק איז איינגעפֿאַלן! — זי האָט אויף גיך אָנגעצונדן די רויטע לאַמטערנע און האָט אַ כאַפּ געטאָן פֿון דער וואַנט דעם סיגנאַל־האָרן.

עס האָט זיך דערהערט דאָס קלאַפּן פֿון אַן אָנקומענדיקער באַן.

— וואָס וועסטו איצט טאָן? — האָט די מאַמע אין שרעק געפֿרעגט — דאָס איז דאָך אַן עקספּרעס, און ער לויפֿט דורך ווי אַ בליץ.

— איך האָב אָנגעצונדן די רויטע לאַמטערנע.

— אין אַזאַ שטורעם וועט מען זי גאָרניט זען.

— וועל איך בלאָזן אין האָרן.

— מען וועט ניט הערן, דו האָסט ניט גענוג כח.

נאָר פֿראַניע איז אַרויסגעלאָפֿן אַנטקעגן דער באַן.

אַ קאַלטער ווינט האָט איר געשמיסן אין פּנים אַריין און ניט געלאָזט לויפֿן. פֿראַניען אַרט דאָס ניט — זי טראַכט בלויז פֿון דעם, צי וועט דער מאַשיניסט דערזען איר סיגנאַל.

נאָר אָט האָט זי דערהערט פֿון דער ווייטנס דעם פֿייף פֿון דעם

לאָקאָמאָטיוו. איר האַרץ האָט שטאַרק אָנגעהויבן קלאַפּן און איר גאַנצער קערפּער האָט גענומען ציטערן ביי דעם געדאַנק, אַז די גאַנצע באַן מיט אַלע מענטשן קאָן אַריינפאַלן אין טיפן אָפּגרונט.

און אָט איז שוין די באַן... פראַניע פאָכעט מיט דער רויטער לאַמטערנע, בלאָזט מיט אַלע כוחות אין האָרן, נאָר אַלץ איז אומזיסט. דער צוג לויפט און קומט אַלץ נעענטער און נעענטער.

פראַניע האָט זיך אַ וואָרף געטאָן פאָרויס צו די רעלסן, און אָט איז זי שוין אינגאַנצן עטלעכע טריט פון דעם לאָקאָמאָטיוו.

פּלוצלונג האָט זיך דערהערט אַ קנאַק, און וואָס ווייטער איז געווען, האָט שוין פראַניע ניט געזען און ניט געהערט, ווייל זי האָט געחלשט.

אַז פראַניע איז געקומען צו זיך, האָט זי גלייך דערזען לעבן זיך די באַן.

„הייסט עס, אַז די באַן איז געראַטעוועט" — האָט זי אַ טראַכט געטאָן און פאַר גרויס פרייד אָנגעהויבן וויינען און לאַכן.

די מענטשן זיינען געשטאַנען אַרום איר. דער מאַשיניסט האָט זי אַרומגענומען, אַ קוש געטאָן אין שטערן און געזאָגט:

— דו האָסט אונדז אַלעמען געראַטעוועט און מיר וועלן דיך קיינמאָל נישט פאַרגעסן, דו קליין העלדיש מיידעלע!

## שווערע ווערטער:

| | |
|---|---|
| אָפּגרונט — abyss, deep | פענדל — small flag |
| שנעל־צוג — express | בריק — bridge |
| אלמנה — widow | שטרעקע — distance |
| לונגען־אַנטצינדונג — pneumonia | רעלסן — rails |
| שטאָלץ — proud | וועכטער — watchman |

## פראַגעס

פאַרוואָס האָט פראַניע געטאָן דעם טאַטנס אַרבעט?

פאַרוואָס האָט מען זיי געוואָלט אַרויסטרייבן פון הויז?

דער סיגנאַל פון אַ גרין פענדל מיינט געפאַר, אָדער, אַז מען מעג פאָרן?

ווי אַזוי האָט פראַניע געראַטעוועט די באַן מיט מענטשן?

דערציילט וועגן דיין ערשטער רייזע מיט דער באַן, אָדער מיט אַ שיף.

# די שניטער

דאָס ייִנגעלע מיטן רינגעלע איז אַרויס פֿון וואַלד, האָט דערזען די פֿעלדער און זיך שטאַרק דערפֿרייט.

איז ער געגאַנגען און געגאַנגען, ביז ער איז געקומען צו אַ פֿעלד, וואו שניטער האָבן געאַרבעט און געזונגען:

מיר שניידן, מיר שניידן
פֿאַר אַנדערע ברויט.
מיר ליידן, מיר ליידן
הונגער און נויט.

פֿרעגט דאָס ייִנגעלע ביי די שניטער:

— וואָס פֿאַר אַ ליד זינגט איר דאָס? איך האָב אַזאַ ליד קיינמאָל ניט געהערט.

האָט איינער פֿון די שניטער זיך אָפּגעקערט פֿון דער אַרבעט און געזאָגט:

— ביסט נאָך קליין און ווייסט נאָך ניט אַלץ. דו ווייסט ניט, אַז שוסטער גייען באָרוועס, שניידער גייען נאַקעט און מיר, די שניטער, האָבן ניט קיין ברויט. מיר אַרבעטן ניט פֿאַר זיך, נאָר פֿאַרן פֿריץ — ער איז רייך און מיר זיינען אָרעם.

דער שניטער האָט דערציילט דעם ייִנגעלע, אַז די פֿעלדער געהערן צום רייכן פֿריץ און אַז די שניטער אַרבעטן פֿאַר אים.

דאָס ייִנגעלע מיטן רינגעלע האָט שוין איצט פֿאַרשטאַנען פֿאַר־וואָס די שניטער זינגען אַזאַ ליד. האָט ער געזאָגט:

— דאגהט ניט, ליבע שניטער. איך גיי איצט צום פֿריץ. וועל איך אים דערציילן, אַז איר האָט ניט גענוג ברויט, וועט ער אייך געבן מער.

אָבער דער שניטער האָט אַ שמייכל געטאָן און געזאָגט:

— איך זע, אַז דו ביסט אַ גוט ייִנגעלע, אָבער דו ביסט נאָך קליין און ווייסט ניט אַלץ. עס וועט ניט העלפֿן, וואָס דו וועסט דערציילן דעם פֿריץ. ער ווייסט אַליין, אַז מיר האָבן ניט גענוג ברויט. אָבער ער וועט אונדז מער ניט געבן, ווייל ער וויל וואָס מער פֿאַר זיך.

דאָ איז אָנגעקומען דער אויפֿזעער פֿון דעם פֿריץ. זעט ער, אַז דער שניטער רעדט, האָט ער גענומען שרייען.

די שניטער האָבן זיך ווידער איינגעבויגן איבער זייער אַרבעט.

ייִנגעלע רינגעלע איז אַוועק ווייטער אין וועג און געטראַכט ווי צו באַפֿרייען די שניטער פֿון נויט.

# דער קעניג, וואָס האָט אין מיטן זומער געוואָלט זיך שליטלען





אַמאָל איז געווען אַ קעניג, איז ער געווען זייער רייך. וואָס ער האָט געוואָלט, האָט ער געמוזט קריגן גלייך.

איין מאָל, אין אַ הייסן זומער־טאָג, פאַרגלוסט זיך אים אַ שליטל טאָן זיך אין אַ שליטן.

האָט ער אַרויסגעגעבן אַ באַפעל:

— באַלד זאָל ווייס ווערן דאָס לאַנד און שניי זאָל נעמען פאַלן!

האָבן דעם קעניגס זיבעציק חכמים זיך אַוועקגעזעצט טראַכטן.

זיצן די אַלטע חכמים,
מיט די לאַנגע שפּיציקע בערד,
אַריינגעשטאָכן טיף אין דער ערד,
און — טראַכטן.
די זון גייט אויף,
די זון פאַרגייט.
זיצן די זיבעציק חכמים און טראַכטן
אַהין און צוריק,
אַרום און אַרום
און קאָנען גאָרנישט אויסטראַכטן.

ס'איז שוין געווען דער זיבעטער פאַרנאַכט, און די זיבעציק חכמים האָבן זיך נאָך צו גאָרנישט דערטראַכט.



איז דאָס גאַנצע לאַנד אין טרויער. ווי וועלן זיי קאָנען ווייזן זיך פאַר מענטשן, אַז זייער קעניג קאָן זיך נישט אַ שליטל טאָן אין מיטן זומער?

איז געווען אין לאַנד אַ יינגל אַ ברען. ס'איז ניט געווען אַ קונץ אויף דער וועלט וואָס מ'זאָל אים ווייזן און ער זאָל ניט אַ שפּרונג טאָן—

**איך קען!**

איז ער אַוועק צו די זיבעציק חכמים און פאַרגעלייגט זיין פּלאַן:

— פאַרטאָג זאָלן אַלע מענטשן פון לאַנד אַרויף אויף זייערע דעכער מיט זייערע קישנס, איבערבעטן, און ווי נאָר דער קעניג וועט עפענען די אויגן, זאָל איינער פון זיינע מיניסטאָרן געבן אַ סיגנאַל, און אַלע ווי איינער זאָלן מיטאַמאָל נעמען רייסן דאָס בעטגעוואַנט און עס זאָל אָנהויבן שנייען.

איז די זיבעציק חכמים געפעלן געוואָרן זיין פּלאַן.

באַלד איז אַרויס אַ באַפעל, אַז פאַרטאָג זאָלן אַלע זיין מיט זייער בעטגעוואַנט אויף די דעכער.

פאַרטאָג, ווי נאָר דער קעניג האָט געעפנט זיינע אויגן (צוליב די גרויסע היצן האָט ער שפּעט נישט געקאָנט שלאָפן) האָט דער עלטסטער פון די מיניסטאָרן געגעבן אַ סיגנאַל און באַלד האָבן פעדערן גענומען פליען, און ס'האָט זיך אויסגעלייגט אַ ווייסער שליטוועג.

האָט מען אַרויסגעפירט דעם זילבערנעם שליטן און איינגעשפּאַנט פיר פערד.

דער קעניג האָט אָנגעטאָן זיין האַריקן פוטער מיטן האַריקן היטל. די גלעקלעך האָבן זיך צעקלונגען און דער קעניג האָט זיך אַ לאָז געטאָן שליטלען.

די פעדערן זיינען באַפאַלן זיין האַריקן פוטער מיטן האַריקן היטל. אַזוי ווי ס'איז געווען אַ הייסער טאָג און דער קעניג האָט זיך באַגאָסן מיט שוויים, האָבן אַ סך פעדערן באַזעצט זיך אויף זיין פּנים און זיינע הענט.

אַז דער קעניג האָט זיך שוין גענוג אָנגעשליטלט, האָט ער געהייסן פאָרן צוריק צום פּאַלאַץ. איינער פון די מיניסטאָרן האָט אים איינגערוימט אין אויער, אַז מ'דאַרף אַרויס אויפן באַלקאָן, פאַרנייגן זיך פאַרן פאָלק.

אַז דער קעניג האָט זיך באַוויזן אויפן באַלקאָן, באַשטעקט מיט פעדערן פון קאָפּ ביז די פיס, האָט דאָס פאָלק גענומען לאַכן און לאַכן, און לאַכן, און לאַכט נאָך אפשר ביז איצט.

# דער ערלעכער אייב

פון קענטאָקי איז קיין אינדיאַנע געקומען טאָמאַס לינקאָלן מיט זיין פאַמיליע. ער האָט אויפגעבויט אַ הילצערן הייזל לעבן אַ גרויסן וואַלד און דאָרטן האָבן זיי זיך באַזעצט.



זיין יינגל, אייב, איז געוואַקסן הויך און דאַר, אָבער זייער שטאַרק. ער האָט פאַר קיין זאַך ניט מורא געהאַט.

גאַנצע טעג האָט אייב שפּאַצירט אין וואַלד. אַ באָרוועסער איז ער געטראָטן איבער דעם פייכטן גראָז און אַראָפּגע־פאַלענע בלעטער.

ער האָט ליב געהאַט זיך צוקוקן ווי עס לעבן די פייגל און חיות אין וואַלד.

אָט זעט ער אַ נעסט פון העזעלעך. ער זעצט זיך אַוועק אויף דער ערד, נעמט די יונגע העזעלעך אין זיינע הענט, גלעט זייערע צאַרטע פעלן און שפּילט זיך מיט זיי.

אָט קוקט ער זיך צו ווי אַ מאַמע־פויגל שפּייזט אירע פייגעלעך מיט ווערעמלעך, אויף אַ צווייג פון אַ בוים.

אייב פאַרגעסט עסן און טרינקען. עס איז דאָ אַזוי פל צו זען אין וואַלד.

מיט אַמאָל דערזעט ער, ווי אַ גרויסע שלאַנג לאָזט זיך צו אַ קליינער זשאַבע — אָט באַלד וועט די שלאַנג אויפפרעסן דאָס קליינע זשאַבקעלע. מען דאַרף עס ראַטעווען. ס'אַ רחמנות. וואָס טוט מען? אייב הויבט אויף אַ צווייג און לאָזט זיך צו דער שלאַנג. מיט אַמאָל דערהערט ער זיין שוועסטערס, סערעס שטימע:

— וואַרט, וועסט שוין אַריינכאַפּן פון טאַטן!

ס'האָט נישט געהאָלפֿן דעם טאַטנס שטראָף און דער מאַמעס געבעט, אַז ער זאָל ניט אַוועקגיין ווייט אין וואַלד, ס'זאָל מיט אים דאָרטן עפּעס ניט געשען.

וואָס וועט ער זיצן גאַנצע טעג לעבן הויז? די פּאָר ביכלעך האָט ער שוין עטלעכע מאָל איבערגעלייענט, ער קען זיי שוין פֿון אויסנווייניק. ווען ער וועט אָבער שפּאַצירן, וועט ער אפשר אָנטרעפֿן אַ קאָלאָניסט, און דאָרטן געפֿינען אַ נײַ בוך.

— מאַמע — האָט ער זיך געבעטן — דו ווייסט דאָך, אַז איך בין אַ שטאַרקער ייִנגל. איך האָב פֿאַר קיינעם קיין מורא ניט.

אין אָוונט איז אַ יעגער געקומען צו די לינקאָלנס אין הויז אַרײַן און זיך באַקלאָגט פֿאַר אייבס פֿאָטער, אַז ער איז אַ גאַנצן טאָג אַרומגעגאַנגען אין וואַלד צו שיסן אַ חיה, אָדער אַ פֿויגל, כּדי צו האָבן אַ שטיקל פֿלייש פֿאַר זײַן פֿאַמיליע. ער האָט אָבער גאָר ניט געפֿונען. מיט אַמאָל האָט ער דערזען אַ פֿאַזאַן. ער האָט זיך זייער דערפֿרייט און אָנגעשטעלט די ביקס צו שיסן. פּלוצים האָט עמעצער אָנגעהויבן זייער הויך צו שרײַען און דער פֿאַזאַן איז אַנטלאָפֿן.

טאָמאַס לינקאָלן האָט גלײַך פֿאַרשטאַנען:

— דאָס איז מײַן זונס אַרבעט.

— יאָ, מר. לינקאָלן — האָט דער שכן געזאָגט — איר האָט געטראָפֿן. און ווער, מיינט איר, האָט געעפֿנט אַלע פֿאַסטקעס און באַפֿרײַט די חיות? אייער זון, אייב.

דער פֿאָטער האָט ניט געקענט פֿאַרשטיין זײַן מאָדנעם זון, וואָס זיצט שטענדיק איבער ביכער, אָבער ער וויל קיינמאָל ניט נעמען קיין ביקס אין האַנט און שיסן חיות אָדער פֿייגל.

זינט אייב האָט איין מאָל געשאָסן אויף אַ סטאַדע ווילדע אינדיקעס און איינער פֿון זיי איז געפֿאַלן אַ טויטער, האָט ער מער ניט געוואָלט נעמען קיין ביקס אין האַנט.

— ווי קען מען גאָר אַזוי אויסוואַקסן? — האָט דער פֿאָטער ניט געקענט פֿאַרשטיין.

אייב איז אָבער אויסגעוואַקסן אַ שטאַרקער, הויכער מענטש מיט אַ שטאַרקער ליבע צו חיות און צו מענטשן. ער איז אויסגעוואַקסן אַן ערלעכער געלערנטער מענטש מיט אַ סך ליבע אין האַרצן צו מענטשן פֿון אַלע ראַסן און קאָלירן.

ער איז געווען זייער באַליבט פֿאַר זײַן קלוגשאַפֿט און ערלעכקייט און ער איז שפּעטער געוואָרן דער פּרעזידענט פֿון די פֿאַראייניקטע

שטאַטן — דער באַליבטער פּרעזידענט אייברעהעם לינקאָלן, וועלכער האָט באַפרייט די נעגער פון שקלאַפעריי.

## שווערע ווערטער:

| | |
|---|---|
| חיות — animals | צווייג — branch |
| העזעלעך — hares | שטימע — voice |
| צאַרטע — tender | שטראָף — punishment |
| פעלן — skins | פּאַסטקעס — traps |
| ווערימלעך — worms | סטאַדע — flock |
| שלאַנג — snake | ערלעך — honest |
| זשאַבע — frog | שקלאַפעריי — slavery |

## שרייב צו אַ צייכן לעבן ריכטיק, אָדער פאַלש

לינקאָלן האָט באַפרייט די אַמעריקאַנער קאָלאָניעס פון ענגלאַנד. ריכטיק ☐ פאַלש ☐

לינקאָלן האָט באַפרייט די נעגער פון שקלאַפעריי. ריכטיק ☐ פאַלש ☐

לינקאָלן איז געשאָסן געוואָרן, זיצנדיק אין טעאַטער. ריכטיק ☐ פאַלש ☐

לינקאָלן איז געשטאָרבן פון אַ שווערער קראַנקהייט. ריכטיק ☐ פאַלש ☐

| אין יידיש זאָגט מען: | אין ענגליש זאָגט מען: |
|---|---|
| איך גיי אין דער יידישער שול | I am going to the Jewish school |
| איך גיי יעדן שבת אין די מואוויס | I go to the movies every Saturday |
| איך גיי שפּילן אין פּאַרק | I am going to play in the park |
| איך פאָר קיין נוארק | I am going to Newark |



# אַ מעשה מיט אַ כעלעמער קייסער און גאָלדענע שיך

אַמאָל האָט כעלם געהאַט אַ קייסער. האָט דער קייסער געטראָגן שיך פון פּראָסטן לעדער, ווי אַלע שיך. האָבן די מענטשן גאָרנישט געוואוסט, אַז ער איז אַ קייסער.

האָט דאָס די כעלעמער געקרענקט: זייער קייסער גייט אין גאַס און קיינער קוקט זיך גאָרנישט אום אויף אים. דאָס איז דערפאַר, וואָס ער טראָגט געוויינלעכע שיך.

האָבן די כעלעמער באַשלאָסן, אַז זייער קייסער זאָל טראָגן גאָלדענע שיך, וועט מען שוין וויסן, אַז ער איז דער קייסער און אים אָפּגעבן כבוד.

האָבן די כעלעמער צונויפגענומען זייער צירונג, אַוועקגעגעבן דעם גאָלדשמיד און באַשטעלט גאָלדענע שיך פאַרן קייסער.

איצט האָבן אַלע געוואוסט, אַז דאָס איז דער קייסער און אים אָפּגעגעבן כבוד.

דערווייל איז אין כעלם געוואָרן אַ גרויסע בלאָטע, האָבן זיך די שיך אויסגעשמירט און מ׳האָט שוין ווידער ניט געוואוסט, אַז דאָס איז דער קייסער.

האָבן די כעלעמער באַשלאָסן, אַז דער קייסער זאָל אָנטאָן אויף די גאָלדענע שיך פּראָסטע שיך, און דער קייסער האָט אָנגעטאָן די לעדערנע שיך איבער די

גאָלדענע. די לעדערנע שיך האָבן טאַקע באַשיצט די גאָלדענע, זיי האָבן אָבער פאַרשטעלט דאָס גאָלד, און מ׳האָט ווידער נישט געוואוסט, אַז דאָס איז דער קייסער.

האָבן די כעלעמער ווידער באַשלאָסן צו מאַכן אין די לעדערנע שיך גרויסע לעכער, עס זאָל זיך דורך זיי אַרויסזען דאָס גאָלד.

האָט דער קייסער אָנגעטאָן די געלעכערטע שיך איבער די גאָלדענע און זיך געלאָזט איבער די כעלעמער גאַסן. איז אָבער די בלאָטע געווען זייער גרויס, איז דורכ-געקראָכן דורך די לעכער צום גאָלד און פאַרשמירט. האָט מען ווידער ניט געוואוסט, ווער ס׳איז דער קייסער.

איז ווידער געווען שלעכט און מ׳האָט באַשלאָסן, פאַרשטאָפן די לעכער מיט שטרוי.

איז אָבער ווידער אַ צרה. מ׳האָט נישט אַרויסגעזען דאָס גאָלד צוליבן שטרוי.

זיינען די כעלעמער געפאַלן אויף אַזאַ פּלאַן:

דער קייסער זאָל טראָגן די גאָלדענע שיך אין די הענט, וועט זיי די בלאָטע ניט אויסשמירן. אין דער זעלבער צייט וועלן אַלע וויסן, אַז דאָס גייט דער קעניג. און אויף די פיס האָט דער קייסער אָנגעטאָן די לעדערנע שיך מיט די לעכער, וועלכע זיינען געווען פאַרשטאָפּט מיט שטרוי.

איצט האָבן שוין אַלע געוואוסט, אַז דאָס איז דער קייסער. ווייל ווען נאָר ער האָט זיך באַוויזן אין גאַס, האָט ער מיט זיך געטראָגן די גאָלדענע שיך און זיי געהאַלטן אויסגעשטרעקט פאַרן גאַנצן עולם.



# חיים סאַלאָמאָן

אין דעם יאָר 1772 איז פון דעם לאַנד פוילן געקומען קיין אַמעריקע דער ייד חיים סאַלאָמאָן. ער איז אַוועק פון זיין לאַנד, ווייל די מענטשן זיינען דאָרטן געווען פאַרשקלאַפט. ער איז געקומען קיין אַמעריקע, ווייל ער האָט געמיינט, אַז אַמעריקע איז אַ פריי לאַנד. אָבער אין יענער צייט איז נאָך אַמעריקע ניט געווען פריי. די סאָלדאַטן פון ענגלישן קעניג האָבן ניט געלאָזט זיין פריי.

איז געקומען דזשאָרדזש וואַשינגטאָן, צונויפגענומען די מענטשן פון לאַנד און ער האָט זיי געפירט אין דער מלחמה קעגן די סאָלדאַטן פון ענגלישן קעניג.

חיים סאַלאָמאָן האָט אויך געוואָלט גיין מיט וואַשינג-טאָנס אַרמיי. ער האָט אויך געוואָלט זיך שלאָגן פאַר פרייהייט. ער איז אָבער געווען שוואַך אין געזונט און ניט געקענט זיין קיין סאָלדאַט.

חיים סאַלאָמאָן האָט אָבער געפונען אַן אַנדער וועג ווי צו העלפן וואַשינגטאָנען.

וואַשינגטאָנס אַרמיי איז געווען אָרעם. די סאָלדאַטן האָבן ניט געהאַט גענוג צו עסן. זיי האָבן ניט געהאַט קיין וואַרעמע קליידער און קיין שיך. אין די גרעסטע פרעסט האָבן זיי זיך געשלעפּט באָרוועסע אויפן שניי.

האָט חיים סאַלאָמאָן געגעבן געלט צו קויפן קליידער און שיך פאַר די סאָלדאַטן.

איין מאָל האָט וואַשינגטאָנס אַרמיי שוין מער ניט געהאַט וואָס צו עסן. מען האָט שוין מער ניט געקענט אָנגיין מיט דער מלחמה. האָט וואַשינגטאָן געשיקט אַ מענטשן צו חיים סאַלאָמאָן און סאַלאָמאָן האָט גלייך

געשיקט געלט, און די מלחמה קעגן דעם קעניגס סאָלדאַטן איז ווייטער אָנגעגאַנגען.

חיים סאַלאָמאָן האָט אָוועקגעגעבן זיין גאַנץ געלט פאַר דער אַמעריקאַנער אַרמיי, כדי אַמעריקע זאָל ווערן פריי.

איין מאָל האָבן די ענגלישע סאָלדאַטן געפאַנגען חיים סאַלאָמאָן און אים אַריינגעזעצט אין טורמע.

איז סאַלאָמאָן געוואָרן גוטע פריינט מיט איינעם פון די ענגלישע סאָלדאַטן פון דער וואַך. ער פלעגט זיך אָפט דורכרעדן מיט אים, ווען קיינער האָט ניט געזען.

איין מאָל האָט דער סאָלדאַט געבראַכט אַ דאָקטאָר אין טורמע, ער זאָל באַטראַכטן חיים סאַלאָמאָן. עפּעס זעט ער אויס זייער קראַנק.

דער דאָקטאָר האָט אים באַטראַכט און געזאָגט, אַז ער איז טויט. און חיים סאַלאָמאָן איז טאַקע געלעגן אויפן שטרוי אין טורמע און אויסגעזען טויט. ער האָט זיך ניט קיין ריר געטאָן.

דער דאָקטאָר האָט צוגערופן צוויי סאָלדאַטן און זיי געהייסן אַרויסטראָגן דעם טויטן.

מען האָט אַריינגעטראָגן דעם טויטן אין אַ שטיבל ניט ווייט פון דער טורמע.

דער דאָקטאָר מיט איין סאָלדאַט זיינען אַוועק. גע-בליבן איז דער סאָלדאַט, מיט וועלכן חיים סאַלאָמאָן האָט זיך באַפריינדעט.

חיים סאַלאָמאָן האָט זיך אויפגעהויבן פון בעטל און מיט אַ שמייכל געזאָגט צום סאָלדאַט:

— אַ גוט שטיקל אַרבעט. קיינער האָט זיך ניט געכאַפּט.

— אויב דו וועסט ניט שנעל אַוועק, וועט מען זיך יאָ כאַפּן — האָט דער סאָלדאַט געזאָגט.

חיים סאַלאָמאָן האָט אים דערלאַנגט אַ זעקל געלט:

— נאַ, אַ טייל וועסטו באַצאָלן דעם דאָקטאָר, אַ טייל דעם צווייטן סאָלדאַט און אַ טייל דיר. זיי געזונט.

חיים סאַלאָמאָן איז צוריקגעקומען אַ פרייער מענטש. ער איז אַוועק צוריק העלפן דער אַמעריקאַנער אַרמיי קעמפן פאַר פרייהייט.



# די קינדער קומען

— שוין צייט אויפֿצושטיין, אפֿרים! — האָט די מאַמע אַריינגעשריען פֿון קיך אין שלאָפֿצימער.

אפֿרים האָט זיך איבערגעדרייט אויף דער צווייטער זייט און געזאָגט:

— שוין, מאַמע, שוין, — ווי ער טוט יעדן טאָג. מיט אַמאָל האָט ער זיך אָבער אַ כאַפּ געטאָן און אויפֿגעשפּרונגען פֿון בעט.

— אוי, שיר פֿאַרגעסן! דער טאַטע איז נאָך דאָ? מיר גייען דאָך היינט באַגעגענען די שיף מיט קינדער.

ער האָט זיך שנעל אָנגעטאָן און געלאָפֿן זיך אָפּוואַשן. דער טאַטע איז אַריינגעקומען.

— נו, אפֿרים, ביסט פֿאַרטיק צו גיין? עס ווערט שפּעט.

— פֿאַרטיק, טאַטע, פֿאַרטיק.

— וואַרט, זאָל ער עסן פֿרישטיק, — האָט זיך די מאַמע אַריינגעמישט. — ווער ווייס, ווי לאַנג מען וועט דאָרטן דאַרפֿן וואַרטן.

אפֿרים האָט אויף גיך אָפּגעגעסן פֿרישטיק. ער האָט גענומען ברויט און באַשמירט מיט פּוטער, אַן אוגערקע, אַ רעטעכל — און גענומען איינפּאַקן אין אַ פּאַפּירן זעקל.

— וואָס טוסטו דאָרטן, אפֿרים? וואָס פֿאַר אַ פּעקל? וואוהין ווילסטו דאָס נעמען? — האָט די מאַמע געפֿרעגט.

— פֿאַר די קינדער, פֿאַר די אָרעמע קינדער, וואָס

— קומען אָן מיט דער שיף, — האָט אפרים געענטפערט. — זיי וועלן דאָך זיין הונגעריק.

די מאַמע האָט אָפּגעווישט אַ טרער פון אויג.

— ביסט אַ גוטער, מיין קינד, אָבער די קינדער וואָס קומען אַהער וועלן שוין ניט זיין הונגעריק. מיר וועלן זיי שוין באַזאָרגן מיט עסן.

אפרים מיטן טאַטן זיינען אַוועק צו דער שיף. די גאַסן פון דער שטאָט תל אָביב זיינען געווען באַגאָסן מיט זון. די ווייסע שטיבער האָבן אויסגעקוקט זייער שיין אין דעם זוניקן מאָרגן.

אפרים האָט געהאַלטן אין איין פרעגן ביים טאַטן וועגן די קינדער, וואָס קומען היינט אָן קיין פּאַלעסטינע.

— טאַטע, אַלע יידישע קינדער פון אייראָפּע קומען אַהער? — האָט ער געפרעגט.

— ניין, אפרים, בלויז אַ טייל קינדער. די קינדער קומען פון בעסאַראַביע.

— און אַלע עלטערן האָט היטלער אויסגעהרגעט? — האָט אפרים געוואָלט וויסן.

— אַ סך האָט ער דערהרגעט, אַ טייל האָט ער פאַר-שפּאַרט אין קאָנצענטראַציע-לאַגערן, אַ טייל זיינען אַנט-לאָפן אין די וועלדער און שלאָגן זיך ווייטער קעגן דעם שונא — האָט דער טאַטע געענטפערט.

— טאַטע, — האָט אפרים ניט אָפּגעלאָזט, — וואו זיינען די יידן פון אַלע לענדער, פון דייטשלאַנד, פון פּוילן, פון רומעניע, פון רוסלאַנד?

— פון אָנפאַנג, ווען היטלער האָט גענומען פאַרכאַפּן די וועלט, זיינען אַ טייל יידן אַנטלאָפן פון דייטשלאַנד, אַ טייל זיינען געקומען אַהער און געוואָרן פאַרמער. ווען היטלער איז געקומען קיין פּוילן, זיינען אַ סך יידן אַנט-לאָפן אין רוסלאַנד. אַ סך יידן האָבן זיך געשטעלט קעגן היטלערן. אין פּוילן האָבן טויזנטער יידן זיך געשלאָגן קעגן היטלערס אַרמייען. אָבער היטלערס אַרמייען זיינען געווען גרעסער און ער האָט אויסגעהרגעט אַלע יידן.

— און קיינער האָט אים ניט אָפּגעשטעלט? — פרעגט אפרים פאַרוואונדערט.

ווען אַלע גרויסע פעלקער האָבן זיך צוזאַמענגענומען, האָבן זיי אים פון אומעטום אַרויסגעטריבן און צוריק באַפרייט אַלע מענטשן פון די לענדער און אַלע יידן.

— פריי, פריי, אַלע יידן פריי! אַלע לענדער פריי! — האָט אפרים גענומען אונטערטאַנצן פון פרייד.

פון דערווייטנס האָבן זיי דערזען די שיף, וואָס האָט זיך דערנעענטערט צום ברעג. זיי האָבן גענומען גיין שנעלער. אפרים האָט געזונגען מיט פרייד:

— אָט קומען די קינדער! אָט קומען די קינדער! זיי וועלן דאָ זיין פריי. אַלע קינדער פריי!

| אין ענגליש זאָגט מען: | אין אידיש זאָגט מען: |
| --- | --- |
| I am going to school | איך גיי אין שול |
| I am going to my grandfather | איך גיי צו מיין זיידן |
| I wash myself | איך וואַש זיך |
| I dress | איך טו זיך אָן |

## אַלע פאַר איינעם — איינער פאַר אַלע

בײַ דער אַרבעט, בײַ דער מאַשין,
אויפן ים אָדער באַן,
אין פעלד און אין שטאָט
אַזאַ ליד איז פאַראַן:
אַלע פאַר איינעם, איינער פאַר אַלע.

ווייס קאָליר, אָדער געל,
ברוינע הויט, אָדער שוואַרץ,
אַלע איינס, אַלע איינס,
ווער עס האָט אַ גוט האַרץ —
אַלע פאַר איינעם, איינער פאַר אַלע.



# אַ געטרייער שכן

אין דעם יאָר 1311 האָט דער קעניג פיליפּ פון פראַנקרייך אַרויס־געגעבן אַ באַפעל, אַז אין עטלעכע טעג צייט מוזן אַלע יידן פאַרלאָזן דאָס לאַנד.

איינער פון די פאַרטריבענע יידן איז אַוועק צו איינעם פון זיינע קריסטלעכע שכנים און בײַ אים געבעטן, ער זאָל פאַר אים באַהאַלטן זיין געלט און זיין צירונג.

דער קריסט האָט צוגעזאָגט צו היטן דאָס געלט און צירונג, און דער ייד איז אַוועק מיט נאָך אַ סך פאַרטריבענע זוכן אַן אָרט וואו זיך צו באַזעצן.

* * *

מיט עטלעכע יאָר שפּעטער, ווען פיליפּס זון איז געוואָרן קעניג, האָט ער געלאָזט וויסן די יידן, אַז זיי מעגן צוריקקומען און זיך באַזעצן אין זייערע אַלטע הייזער.

אַ סך יידן האָבן זיך צוריקגעקערט קיין פראַנקרייך. צווישן זיי אויך דער רייכער סוחר. ער איז גלייך אַוועק צו זיין אַלטן שכן, אָבער ער האָט אים אין זיין אַלט הויז נישט געטראָפן.

ער האָט זיך גענומען נאָכפרעגן בײַ די שכנים און זיי האָבן אים געזאָגט, אַז די לעצטע יאָרן האָט דער קריסטלעכער שכן ניט געמאַכט קיין גוטע געשעפטן. ער האָט פאַרלוירן זיין גאַנץ געלט און ער וואוינט איצט ערגעץ אויסער דער שטאָט, אין אַן אָרעם שטיבל.

דער ייד האָט זיך געפילט זייער טרויעריק, וואָס אַזויפיל שלעכטס האָט פּאַסירט מיט זיין פריינט, און ער האָט געטראַכט, אַז מסתמא איז פון זיין פאַרמעגן, וואָס ער האָט געלאָזט ביים שכן, אויך שוין גאָר ניט געבליבן.

מיט אַ צעבראָכן האַרץ איז ער אַוועק אויסזוכן זיין פריינט.

אין אַ קליין אָרעם שטיבל, אָן אַ בעט אַפילו, איז געזעסן אויף

אַ קאַסטן אַן איינגעבויגענער, אויסגעהונגערטער אַלטיטשקער און געציטערט פון קעלט.

אַז דער ייד האָט דערזען אַזאַ אָרעמקייט, האָט ער שוין ניט געקלערט אַפילו צו רעדן וועגן זיין געלט און צירונג.

נאָר דער אַלטיטשקער האָט דעם גאַסט באַלד דערקענט, אויפגעעפנט דעם קאַסטן און געזאָגט:

— דאָ האָט איר אייער פאַרמעגן, וואָס איר האָט מיר געגעבן צו היטן!

— וואָס?! — האָט דער ייד אויסגערופן אַ פאַרוואונדערטער. — איר לעבט אין אַזאַ אָרעמייט און נויט און איר האָט פונעם פאַרמעגן ניט גערירט?

— דאָס אַלץ איז ניט מיינס! — האָט דער פראַנצויז געענטפערט.
— גוט, וואָס איר זייט ענדלעך געקומען. אַ סך מאָל איז מיר זייער שווער געווען אַריבערצוטראָגן די צרות און די פיין. אָבער איך האָב אייך דעמאָלט צוגעזאָגט צו היטן אייער פאַרמעגן, האָב איך געליטן און געוואַט.

— גוט האָט איר געטאָן, וואָס איר האָט געוואַרט, — האָט דער ייד געזאָגט. — די שלעכטע צייט האָט זיך פאַר אייך שוין געענדיקט. אַ העלפט פון דעם פאַרמעגן געהערט איצט צו אייך.

דער ייד האָט דעם אַלטן אַרויסגענומען פון אָרעמקייט און זיי האָבן געלעבט צוזאַמען אין פריינטשאַפט און ברידערלעכקייט.

## שווערע ווערטער:

| | |
|---|---|
| שכן — neighbor | געשעפט — business |
| פראַנקרייך — France | צער — heart-ache |
| באַפעל — order | מסתמא — for sure |
| סחורות — wares | קופערט — trunk |
| צירונג — jewelry | פאַרמעגן — wealth |
| שכנים — neighbors | צרות — trouble |
| באַהאַלטן — hidden | פראַנצויז — Frenchman |

דער קריסטלעכער שכן האָט אָפּגעהיט דעם יידנס פאַרמעגן,

ווייל ער האָט מורא געהאַט מען זאָל אים אַרעסטירן. ריכטיק ☐ פאַלש ☐

ווייל ער האָט צוגעזאָגט צו היטן דאָס פאַרמעגן. ריכטיק ☐ פאַלש ☐

ווייל ער איז געווען אַן ערלעכער מענטש. ריכטיק ☐ פאַלש ☐

מאַך אַ צייכן ✓ לעבן ריכטיק אָדער פאַלש.

# לאַבזיק און דער דאָקטער

אין דער פרי זעט לאַבזיק, ווי די מאַמע מאַלי טוט אָן דעם ראָק און ווי דער טאַטע בערל טוט אָן דעם ראָק און ווי מוליק טוט אָן זיין רעקל און מען לאָזט זיך גיין צו דער טיר. אָבער איידער מען עפנט די טיר, רופט זיך אָן די מאַמע מאַלי צום הינטעלע:

— הערסט, לאַבזיק, אויב דו פאַרשטייסט וואָס איך רעד. איך מיט בערלען גייען אַרבעטן, מוליק גייט אין שול אַריין, אָבער ריפקעלע הוסט, זי איז קראַנק, דאַרפסטו ניט אָפּטרעטן פון איר בעט, און אַכטונג געבן אויף איר.

גייען זיי אַלע אַוועק, ווערט שטיל אין הויז, און לאַבזיק הויבט ערשט איצט אָן צו פאַרשטיין, וואָס מען האָט געוואָלט פון אים. ריפקעלע ליגט אין בעטל און אַלע מאָל גיט זי אַ הוסט, אַזוי מיט אַ כריפּ. העלפט איר דאָס הינטעלע הוסטן און מאַכט: האַוו, האַוו, האַוו

גייט אַזוי אַוועק איין שעה, גייט אַוועק צוויי שעה, פּלוצלונג גיט זיך ריפקעלע אַ כאַפּ ביים האַלדז און טוט קוים אַ זאָג:

— אוי, לאַבזיק, ס׳איז מיר שלעכט, איך שטאַרב.

ווייסט ניט דאָס הינטעלע וואָס זי האָט געזאָגט, אָבער ער פאַרשטייט פון דעם ווי זי האָט זיך געכאַפּט ביים האַלדז, אַז ס׳איז איר זייער ניט גוט. אירע אויגן, ריפקעלעס, ווערן אַזוינע גרויסע, און איצטער וויל זי שוין אַ הוסט טאָן, אָבער זי קאָן ניט, עס שטיקט זי.

דערשרעקט ער זיך שטאַרק, לאַבזיק, און הייבט אָן צו וויינען:

— וואו, וואו, וואו.

אָבער פון זיין וויינען ווערט איר ניט בעסער. זי קאָן קוים אָטעמען. לויפט דאָס הינטעלע אַרויס אויף די טרעפּ, שפּרינגט פון טיר צו טיר, און רייסט די טירן פון די שכנים, אָבער אַלע טירן זיינען פאַרשלאָסן. ניטאָ קיינער אין הויז. אַלע זיינען אַוועק אַרבעטן.

מאַכט לאַבזיק ווידער אַמאָל: — וואו, וואו, וואו.

אָבער פון וויינען קומט נאָך אַלץ גאָר ניט אַרויס. ריפקע ליגט מיט פאַרמאַכטע אויגן, און קוים, קוים זי אָטעמט. גיט לאַבזיק אַ לויף אַרויס אין דרויסן און ער גיט זיך אַ לאָז צו אַ הויז מיט אַ גרינעם

גאַניק. פאַרוואָס האָט ער זיך געלאָזט גראַדע צום הויז מיט דעם גרינעם גאַניק? ער האָט זיך געלאָזט אַהין, ווייל ער האָט זיך דער־מאָנט, אַז אַלעמאָל ווען עמעצער אין הויז איז קראַנק געוואָרן, פלעגט די מאַמע מאַלי גיין אַהין, און ברענגען אַ מאַן מיט ברילן און מיט אַ רענצעלע. לויפט ער צו צום הויז מיטן גרינעם גאַניק, און אין דער מינוט גייט טאַקע אַרויס דער מאַן מיט די ברילן און מיטן רענצעלע אין האַנט. שפרינגט אויף אים אַרויף לאַבזיק און הייבט אים אָן צו לעקן. פאַרשטייט ניט דער מאַן מיט די ברילן, וואָס דאָס איז, און טרייבט אים אַוועק און לאָזט זיך גיין אויף אַן אַנדער זייט, צו אַן אַנדער קראַנקן. לויפט אָבער לאַבזיק אים אַנטקעגן, בייסט אים די שיך און לאָזט אים ניט גיין. שטעלט זיך יענער אָפּ, גיט אַ שפּיי און מאַכט:

— מיינע צרות צו דעם הינטעלעס קאָפּ! אַ משוגענער הינטעלע, ווייזט אויס.

און ער לאָזט זיך ווייטער גיין. כאַפּט אים אָן לאַבזיק ביים מאַנטל און ציט אים אויף צוריק. ווערט שוין יענער גוט אין כעס, און גיט אים אַ בריקע מיטן פוס. טוט לאַבזיקן זייער ווי פון דעם בריקע מיטן פוס, אָבער דעם מאַנטל לאָזט ער ניט אַרויס פון די ציין.

שטעלט זיך שוין דער מאַן מיטן מאַנטל אָפּ און טראַכט: וואָס זאָל דאָס מיינען? און אפשר מיינט דאָס עפּעס. לאָמיך נאָר זען, וואוהין שלעפּט מיך דאָס הינטעלע.

קערעוועט ער זיך אויס, דער מאַן מיט די ברילן, לאָזט לאַבזיק אַרויס דעם מאַנטל. נעמט יענער און גיט זיך ווייטער אַ דריי אויס צו אַן אַנדער גאַס, כאַפּט דאָס הינטעלע ווידער אָן דעם מאַנטל אין די ציין.

דרייט זיך שוין יענער מיט די ברילן נאָך אַמאָל אויס און לאָזט זיך גיין נאָכן הינטעלע. לאַבזיק לויפט פאַראויס און זיינע קלוגע אייגעלעך רוען ניט. ער היט דעם מאַן, אַז יענער זאָל ניט אַנטלויפן. און אַזוי קומען זיי אָן צום הויז. און אַזוי גייען זיי מיט די טרעפּ אַרויף, ביז לאַבזיק שטעלט זיך אָפּ ביי אַ טיר. און אַזוי עפנט דער מאַן די טיר, און אַזוי גייט ער אַריין אין הויז און זעט, ווי אַ מיידעלע ליגט מיט פאַרמאַכטע אויגן און קאָן ניט אָטעמען.

פאַרשטייט זיך, אַז איך דאַרף אייך שוין ניט זאָגן, אַז דאָס איז געווען דער דאָקטער, און אַז ווי באַלד ער איז אַריינגעקומען האָט ער גלייך אויפגעקאָכט הייסע וואַסער, גלייך אַריינגעטאָן אַ מעדיצין אין

װאַסער, און גלייך איינגעגעבן ריפּקעלען און עס איז איר גרינגער געוואָרן. זי איז איינגעשלאָפן. דער דאָקטער איז אַוועק. לאַביזיק איז אַרויפגעקראָכן אויף איר בעטל, געטראַכט אַ ווײַלע, געטראַכט און געקלערט און אויך איינגעשלאָפן.

פאַרנאַכט, אַז אַלע זיינען געקומען צוריק אין הויז, האָט מען זיי ביידע געטראָפן שלאָפן. האָט שוין די מאַמע מאַלי געוואָלט זיך אַרויפוואַרפן אויף לאַביזיקן און אים זידלען, פאַרוואָס ער איז איינ־געשלאָפן און בעסער ניט אַכטונג געגעבן אויף ריפקעלען. אָבער ריפקעלע האָט באַלד דערציילט די גאַנצע מעשה, האָט מען אים שוין ניט געזידלט, פאַרקערט — אים געלויבט, און אַלע זיינען געווען פריילעך, וואָס זיי פאַרמאָגן אַזאַ קלוג הינטעלע.

# בירָאָ־בידזשאַן

יאָגן זיך צוויי טייכן,
בירָאָ און בידזשאַן.
צווישן ביידע טייכן —
אַ פריילעך לאַנד פאַראַן.

האָלץ באַזאָרגן וועלדער,
טייכן גיבן פיש,
פעלדער ברויט דערלאַנגען
צו דעם נייעם טיש.

דורך געדיכטע וועלדער
יאָגט מיט פרייד אַ באַן,
נייע יידן קומען
אין לאַנד בירָאָ־בידזשאַן.

זון אויף פרישע פעלדער,
שטראַל אויף נייעם דאַך —
ס'האָבן אַזוי יידן
קיינמאָל ניט געלאַכט.

הערן צו די ביימער,
הערט זיך צו די ערד:
— אוי, אַזאַ געלעכטער
נאָך קיינמאָל ניט געהערט.

זאָל געזונט אויף ערד זיין
יעדער נייער שפּאַן.
זינגט די פרייע אַרבעט
אין בירָאָ־בידזשאַן.

# דזשימי

## דזשימי ליגט אין בעט

אַ יונגע, פרישע זון האָט זיך דורכגעריסן דורך דעם קעלער־פענצטער און זיך צעלאַכט גלייך דזשימין אין פּנים אַריין.

— היינט איז גראַדואיר־טאָג! — איז אים דורכגעלאָפן אין קאָפּ.

ער איז געוואָרן פריילעך. אים האָט זיך געוואָלט אַראָפּ פון בעט און זיך צעזינגען. היינט איז דער לעצטער טאָג אין פּאַבליק סקול! פון היינט אָן הויבט ער אָן ווערן אַ גרויסער.

אין קעלער איז שטיל. האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אַז עס מוז נאָך זיין פרי און די מאַמע שלאָפט נאָך. איז ער אַזוי געלעגן און געטראַכט, ווי גוט עס איז צו זיין אַ גרויסער. ער וועט געפינען אַרבעט, העלפן דער מאַמען.

— אוי, איך דאַרף אָפּקערן די שטיגן! — האָט ער זיך מיט אַמאָל אַ כאַפּ געטאָן. אַלע מאָל פאַר סקול פאַרקערט ער פאַר דער מאַמען די שטיגן און דעם טראָטואַר.

דזשימי האָט זיך גענומען אָנטאָן.

— וואָס איילסטו זיך, דזשימי? — האָט ער דערהערט דער מאַמעס קול.

— אַ, מאַמע, איך דאַרף דאָך אָפּקערן די שטיגן.

— נישקשה, איך האָב עס שוין אַליין געטאָן.

— צו וואָס? ווייסט דאָך, אַז איך טו עס? האָסט ווינציק אַרבעט?

— היינט איז דיין לעצטער טאָג אין סקול, וויל איך, זאָלסט האָבן אַ יום־טוב.

— מאַמע, דו ביסט זייער אַ גוטע! ווייסט, אין גיכן גיי איך אַרבעטן. לאָך ניט, מאַמע, וועסט זען, איך וועל פאַרדינען אַ סך געלט. עס וועט אונדז זיין גוט.

די מאַמע האָט אַ זיפץ געטאָן:

— מיר, נעגער, קאָנען ווייניק גוטס האָבן.

— פאַרוואָס איז דאָס אַזוי, מאַמע? מיט וואָס בין איך ערגער פון די ווייסע קינדער? איך האָב זיך געלערנט ניט ערגער פון זיי. איך בין אַזוי קלוג און אַזוי שטאַרק ווי זיי. מאַמע, דו וועסט שוין זען, עס וועט זיין גוט! און היינט דאַרפסטו גיין מיט מיר אין סקול צום קאָנצערט. אַלע מאַמעס דאַרפן קומען, האָט די לערערין געזאָגט.

## אַ נייער אָנצוג מיט נייע שיך

זי איז אַוועק צוגרייטן עפּעס עסן. דזשימי האָט זיך פּאַמעלעך אָנגעטאָן. ער האָט באַטראַכט זיינע אַלטע, פאַרלאַטעטע הויזן, די צעקרימטע שיך. וואָס זאָל מען טאָן, אַז די מאַמע קאָן ניט קויפן קיין נייע? ער האָט זיך אָבער געטרייסט, וואָס אַ העמד האָט ער אַ ניים.

— מאַמע, וואו איז מיין ניי העמד?

— אויפן שטול.

ער האָט אויפגעהויבן דאָס העמד און געבליבן שטיין פאַר־וואונדערט.

— מאַמע, וועמענס ווייסער אָנצוג הענגט דאָס אויפן שטול? האָסט אויסגעוואַשן פאַר עמעצן?

— ניט קיין געוואַשענער, דאָס איז אַ נייער — ענטפערט די מאַמע.

— אָבער פאַר וועמען איז דאָס? און די נייע לייוונטענע שיך פאַר וועמען?

— דאָס איז אַלץ פאַר דיר — ענטפערט די מאַמע מיט אַ גליקלעכן שמייכל.

— פאַר מיר? וואו האָסטו גענומען געלט?

— וואָס אַרט דיך? איך האָב געשפּאָרט. איך האָב געוואָלט, זאָלסט אויסזען היינט ווי אַנדערע קינדער.

דזשימי האָט אַרומגענומען די מאַמען, איר אַ קוש געטאָן און גענומען טאַנצן מיט איר.

— לאָז אָפּ, משוגענער.

— מאַמע, וועסט זען, איך וועל דיר אָפּדאַנקען.

## שלעכטע קינדער

ער האָט אָפּגעגעסן און איז אַרויס אין גאַס. ס׳איז נאָך געווען פרי, איז ער אַוועק צום טייך. גייט ער אַזוי מיט די הענט אין די קעשענעס און פייפט.

— היי, ניגער, וואָס האָסטו זיך אַזוי אויסגעפּוצט? — דערהערט ער הינטער זיך.

ער האָט זיך אומגעקוקט. אויף אַ באַנק, ניט ווייט פון וואַסער.



זיינען געזעסן פינף יינגלעך, אַ ביסל עלטער פון אים, און האָבן מיט שפּאָט געקוקט אויף אים.

— וואו האָסטו גענומען דעם נייעם אָנצוג? געגנבעט? — האָט געזאָגט אַ צווייטער פון דער חברה.

— היי, ניגער, נאַ דיר אַ שטיקל זייף און וואַש זיך אָפּ! — שרייט אַ דריטער.

אין דזשימין האָט דאָס בלוט אַ קאָך געטאָן. אָבער ער האַלט זיך איין.

— האַלט דאָס מויל! ווער טשעפּעט אייך? — האָט ער רואיק געענטפערט.

— היי, ניגער, ווער איז דיין טאַטע געווען? אַוודאי אַזאַ הונט ווי דו! — האָט איינער געזאָגט און די איבעריקע האָבן זיך צעלאַכט.

— איר זייט אַליין הינט! מיין טאַטע איז געווען אַ גוטער, ערלעכער מאַן! — האָט ער געזאָגט מיט כעס און זיך אַ לאָז געטאָן צו זיי.

— כאַ, כאַ! אַן ערלעכער מאַן! — די יינגלעך זיינען איצט געשטאַנען אויף די פיס און געזוכט אַן אויסרייד פאַר אַ געשלעג.

— זאָג דעם אמת, ווער האָט געגנבעט דעם אָנצוג, דו, צי דיין מאַמע?

— מיין מאַמע איז אַ גנבטע? ווי וואַגסטו דאָס צו זאָגן?! — דזשימי האָט אָנגעכאַפּט דעם יינגל.

— דער ניגער וויל זיך שלאָגן — האָבן אַלע פינף זיך צעלאַכט. דזשימי האָט זיך נישט געקאָנט מער איינהאַלטן:

— ווער פון אייך עס וויל זיך שלאָגן — זאָל אַהער קומען! — ער איז געווען גרייט זיך צו ווערן קעגן די שונאים.

— חברה, לאָמיר דעם ניגער אַריינוואַרפן אין וואַסער! — האָט מיט אַמאָל אויסגעשריען איינער פון די יינגלעך.

— אין וואַסער! אין וואַסער! — האָבן אַלע געשריען.

פינף פאַר הענט האָבן אַ כאַפּ געטאָן דזשימין און מיטן גאַנצן כח אַריינגעוואָרפן אין וואַסער.

## אַ גוטער חבר

— וואָס האָט איר געטאָן?!

די ייִנגלעך האָבן זיך דערשראָקן. פאַר זיי איז געשטאַנען אַ ייִנגל פון זייער עלטער. ער איז געווען בלאַס פון אויפרעגונג.

— הינט! — האָט ער אַ געשריי געטאָן און איז צוגעלאָפן צום ברעג ראַטעווען דזשימין.

דאָס וואַסער איז געווען ניט טיף. דזשימי איז מיט דער הילף פון דעם נייעם ייִנגל אַרוים פון וואַסער.

די ייִנגלעך זיינען זיך צעלאָפן ווי מייז. נאָר דער נייער איז געבליבן.

— נעם זיך נישט צום האַרצן, עס וועט זיך באַלד אויסטריקענען. און דו האָסט זיך בראַוו געשלאָגן. איינער קעגן פינף.

דזשימי ענטפערט נישט. זיין האַרץ איז פאַרביטערט. אָבער שטאָלץ האַלט ער איין די טרערן.

— דו קענסט מיך דאָך, דזשימי. איך וואוין דאָס צווייטע הויז פון דיר. הערי ראָזענבערג, געדענקסט? גיב מיר דיין האַנט.

דזשימי האָט פון אונטער זיין שטערן אַ קוק געטאָן אין הערים אויגן און דערפילט, אַז אים, הערין, קען מען געטרויען.

# דער בעקער

קנעט דער בעקער מעל מיט הייוון,
און ער הייצט דעם גרויסן אויוון.
ברענט דאָס פייער, פונקען קנאַקן,
נעמט דאָס ברויט זיך בעקער באַקן.

קויפן מאַמעס ברויט, דאָס פרישע
און דערלאַנגען אויף די טישן.
עסן קינדער פריש ברויט,
זיינען זיי געזונט און רויט.

# דער פראָש



געווען איז אַ פראָש
מיט אַ גרין סאַמעט קלייד,
קוואַ-קוואַ, קוואַ-קוואַ.
מיט אַ שירצל אַ ווייסן
פון פאָרנט פאַרשפּרייצט.
קוואַ-קוואַ, קוואַ-קוואַ.

זיין קאַמער געפּלאַסטערט
מיט גרינעם אַאיר,
קוואַ-קוואַ, קוואַ-קוואַ.
פון שטראַלן די פענצטער,
פון וואַסער די טיר,
קוואַ-קוואַ, קוואַ-קוואַ.

פונעם ברעג אינעם טייך
און פון טייך אויפן ברעג,
קוואַ-קוואַ, קוואַ-קוואַ.
אַ זונג און אַ שפּרונג,
אַזוי גייען די טעג,
קוואַ-קוואַ, קוואַ-קוואַ.

ביז געקומען אַ בושל
אַ הויכער צו גיין,
קוואַ-קוואַ, קוואַ-קוואַ.
די פיס ווי די שפּענער,
דער שנאָבל ווי שטיין,
קוואַ-קוואַ, קוואַ-קוואַ.

האָט גענומען דעם פראָש
מיטן גרין סאַמעט קלייד,
קוואַ-קוואַ, קוואַ-קוואַ.
און די קינדערלעך זיינע
אַ סעודה געגרייט,
קוואַ-קוואַ, קוואַ-קוואַ.

# דריי בריוועלעך



בריינדעלע האָט אָנגעשריבן אַ בריוועלע צו איר באָבע ביילען און אַרײַנגעוואָרפֿן אין קעסטל.

איז געקומען אַ מענטש און אַרויסגענומען דאָס בריוועלע, עס אָפּגעשטעמפּלט און אַוועקגעטראָגן צו אַ שיף.

דאָס בריוועלע איז געפֿאָרן אַכצן טעג מיט אַכצן נעכט אויף שיף און אויף באַן, ביז עס איז געקומען אין אַ שטאָט אויף דער הויפּט-פּאָסט. דאָרט האָט עס זיך צונויפֿגעטראָפֿן מיט טויזנטער און טויזנטער בריוו פֿון פֿאַרשיידענע שטעט און לענדער.

האָט זיך בריינדעלעס בריוו צערעדט מיט איר שכן:

— פֿון וואַנען קומסטו?

— איך קום פֿון פּאַלעסטינע.

— איך קום פֿון אַרגענטינע.

— און איך קום פֿון ניו-יאָרק! — שרייט אויס אַ דריט בריוועלע.

— וואוהין פֿאָרסטו?

— איך פֿאָר קיין מעזריטש.

— קיין מעזריטש פֿאָר איך אויך.

— און איך פֿאָר אויך קיין מעזריטש — שרייט דאָס דריטע בריוועלע.

— אַזוי! — דערפֿרייען זיי זיך. — לאָמיר פֿאָרן צוזאַמען.

— גוט, לאָמיר פֿאָרן צוזאַמען.

אין אַ ווײַלע אַרום פֿרעגט איין בריוועלע:

— צו וועמען פֿאָרסטו קיין מעזריטש?



— צו באָבע ביילען פאָר איך אויך.

— איך פאָר צו דער באָבע ביילען.

— און איך אויך! — שרייט דאָס דריטע בריוועלע.

— אוי, ווי שיין! — דערפרייען זיי זיך. — פאָרן מיר אַלע צו איין באָבען.

— פון וועמען קומסטו?

— מיך האָט געשיקט באָבע ביילעס אייניקל בריינדעלע.

— מיך האָט אויך געשיקט אַן אייניקל בריינדעלע!

— און מיך אויך!

— וואָס שרייבט דיין בריינדעלע?

— און דיין בריינדעלע וואָס שרייבט?

— מיין בריינדעלע שרייבט דער באָבען, אַז זי זאָל קומען צו איר קיין אַרגענטינע.

— אַזוי! מיין בריינדעלע שרייבט, זי זאָל קומען צו איר קיין פּאַלעסטינע.

— און מיינע שרייבט, אַז זי זאָל קומען צו איר קיין ניו-יאָרק.

— צו וועמען וועט די באָבע פאָרן?

— איך מיין, אַז זי וועט פאָרן צו מיין בריינדעלען.

— ניין, נאָר צו מיין בריינדעלען.

— איר האָט אַ טעות, די באָבעביילע וועט גאָר פאָרן צו מיין בריינדעלען.

— מיין בריינדעלע איז אַ גוטע.

— מיין בריינדעלע איז אַ בעסערע!

— מיינע איז נאָך בעסער!

די בריוועלעך הייבן זיך אָן קריגן און קריגן זיך אָפּ אַ גאַנצן וועג.

— שאַט! וואָס דאַרפן מיר זיך קריגן? מירן באַלד זיין ביי דער באָבען, וועלן מיר זען.

•

ווען דער פּאָסט-טרעגער האָט דער באָבען געבראַכט

די דריי בריוו, האָט זי זיך שטאַרק דערפרייט. זי האָט גלייך אָנגעטאָן דיברילן און זיי איבערגערלייענט.

די בריוו האָבן מיט האַרץ-קלאַפעניש געקוקט דער באָבען אין די אויגן אַריין, געוואַרט וואָס זי וועט זאָגן. זיי האָבן געזען, ווי פון אירע אויגן האָבן זיך אַראָפּגעקייקלט דריי גרויסע טרערן, און זי האָט זיי שווייגנדיק אָפּגעווישט מיט אַ טיכל.

— וואָס וויינסטו, באָבעשי? — האָט געפרעגט איין בריוועלע.

— דריי ברײנדעלעך — האָט די באָבע געזאָגט — אַלע שיינע, אַלע גוטע, אָבער איך קאָן זיי קיינעם ניט זען, איך בין שוין צו אַלט צו לאָזן זיך אין אַזעלכע ווייטע וועגן.

די בריוועלעך האָבן רחמנות געהאַט אויף דער אַלטער באָבען און זיי האָבן זיך צוגעטוליעט צו איר און איר צוגעזאָגט צו בלייבן שטענדיק מיט איר און זי טרייסטן און דערציילן פון אירע ווייטע אייניקלעך.



# אַלבערט קלייבט קוילן

אַלבערט איז ניין יאָר אַלט. ער איז דאַר און בלאַס.

זיין טאַטע גייט שוין זייער לאַנג אַרום ליידיק. יעדן טאָג גייט ער אַרויס זוכן אַרבעט.

אַלבערטס מאַמע וואַשט וועש. אָבער זי פֿאַרדינט ניט גענוג אויף ברויט.

זיין קליין שוועסטערל, עמעלע, איז נאָך קיין יאָר ניט אַלט. ווען זי וויל עסן, אָדער ס'איז איר קאַלט, מאַכט זי געוואַלדן. אַלבערט האָט זייער ליב זיין שוועסטערל.

נאָך סקול גייט אַלבערט אַרויס מיט אַ קערבעלע אין די הענט. ער גייט איבער די גאַסן, קוקט אויף דער ערד און זוכט אַ קויל אָדער אַ שטיקל האָלץ.

אַלבערט קומט אַהיים אַ מידער. די מאַמע הייצט איין אין שטוב און אַלבערט שפּילט זיך מיט דער קליינער עמעלען.

דאָס לעצטע מאָל איז געשען אַזוי:

ס'איז געווען אַ קאַלטער ווינטער-טאָג. דער פֿראָסט האָט געביסן אויף טויט.

די מאַמע וואָלט אפשר אין אַזאַ טאָג ניט אַרויסגעלאָזט אַלבערטן קלייבן קוילן. אָבער די קליינע עמעלע איז געווען קראַנק. האָט די מאַמע אָנגעטאָן איר גוטן זון אין אַ באַרג מיט שמאַטעס און אים אַוועקגעשיקט מיטן קערבעלע.

אַלבערט איז אַרויס אין דרויסן. די קעלט האָט אים דורכגענומען, אָבער דערפֿאַר האָט אים גענומען גליקן. ער האָט עטלעכע מאָל באַגעגנט וועגענער, וואָס האָבן אַראָפּגעשאָטן קוילן און יעדעס מאָל האָט ער אויפֿגעקליבן פֿון דער ערד עטלעכע קוילן.

ער האָט זיך דערנאָך געלאָזט לויפֿן אַהיים. אַך, ווי קאַלט ס'איז אים געווען. אָט ווערט ער פֿאַרפֿראָרן. אָבער אָט איז פֿאַר זיינע אויגן נאָך אַ וואָגן. די קוילן האָט מען שוין באַלד אַראָפּגעשאָטן און ער דאַרף ניט לאַנג וואַרטן.

אַלבערט האָט זיך אָפּגעשטעלט. ער גייט צו מיטן

קערבעלע און נעמט קלײַבן די שטיקלעך איבערגעלאָזטע קוילן. פֿלוצלונג קריגט ער אַ שטויס מיט אַ פֿוס.

אַלבערט שפּרינגט אויף אַ דערשראָקענער. לעבן אים שטייט דער קוילנמאַן און שרײַט.

ער וויל נעמען לויפֿן, אָבער דער קוילנמאַן כאַפּט אים אָן, רײַסט אַרויס דאָס קערבעלע פֿון זײַן האַנט, וואַרפֿט אַרויס די גאַנצע קוילן און טוט אַ שלײַדער דאָס קערבעלע אויף אַ האַלבער גאַס ווײַט.

אַלבערטס אויגן ווערן מיט טרערן פֿאַרלאָפֿן. ער הייבט אויף דאָס קערבעלע, גיט זיך פֿון ווײַטן אַ קרום אויפֿן בייזן קוילנמאַן און שלעפּט זיך וויינענדיק אַוועק אַהיים.

אוי, וועט הײַנט זײַן קראַנק שוועסטערל פֿרירן! . . .

# מיט מענטשן אָדער אָן מענטשן

אַמאָל איז געווען אַ ייִנגל, האָט מען אים גערופֿן קאָפּל. ער האָט זיך אַרײַנגענומען אין קאָפּ אַ געדאַנק, אַז אָן מענטשן איז בעסער ווי מיט מענטשן.

לייגט ער זיך איין מאָל שלאָפֿן און טראַכט:

ווי גוט וואָלט געווען, ווען ער זאָל זײַן איינער אַליין אויף דער גאַנצער וועלט.

דערווײַל איז ער אײַנגעשלאָפֿן.

חלומט זיך אים, אַז ער איז אין וואַלד איינער אַליין. אַ ווינטל בלאָזט, אַ רעגן קאַפּעט, און ער איז הויל און נאַקעט. ציטערט ער פֿאַר קעלט און וויינט.

באַווײַזט זיך אַן אַלטער מאַן און זאָגט:

— קאָפּעלע, וואָס וויינסטו? האָסט דאָך געוואָלט זײַן אַליין — ביסטו אַליין.

— יאָ — זאָגט קאָפּל — אָבער וווּ זײַנען מײַנע קליידער? מײַן קישן און מײַן קאָלדרע?

— קליידער, מײַן קינד, פֿאַלן ניט פֿון הימל און וואַקסן ניט אין וואַלד. קליידער נייען שניידער פֿון שטאָף. דעם שטאָף האָבן אַרבעטער געמאַכט פֿון וואָל אָדער פֿון לײַן. אויף דעם האָבן מענטשן געאַרבעט אין פֿעלד.

— גוט — רייסט איבער קאַפּל — איצט פאַרשטיי איך שוין, אַז אַן מענטשן וואָלט איך קיין קליידער ניט געהאַט. גיט מיר מיינע קליידער, ס'איז מיר קאַלט.

דער אַלטער האָט געבראַכט קאַפּלען די קליידער. קאַפּל האָט זיך אָנגעטאָן. אים איז וואַרעם געוואָרן און ער האָט זיך צעלאַכט.

— איצט וועל איך זיך שוין באַגיין אָן מענטשן.

— און עסן? — פרעגט דער אַלטער.

— כ'וועל שיסן פויגלען און עסן — רופט זיך אָן קאַפּל.

— מיט וואָס וועסטו שיסן? מיט אַ בעזעם?

— כ'וועל נעמען ביים ברודער אַ ביקס און שיסן.

— און וואו האָט דיין ברודער גענומען די ביקס? די ביקס האָבן אַרבעטער געמאַכט פון האָלץ און אייזן.

קאַפּלען האָט זיך דערווייל פאַרוואָלט עסן, נאָר זאָגן דעם אַלטן שעמט ער זיך. דער אַלטער וועט ווידער זאָגן, אַז אָן מענטשן קאָן מען קיין עסן אויך ניט האָבן.

— אַז דו שטייסט אויף פון שלאָף, וואָס טוסטו דעמאָלט?

— וואָס זאָל איך טאָן? איך וואַש זיך איין.

— און וואו נעמסטו וואַסער?

— פון אַ קראַן.

— און ווער האָט עם געמאַכט? באַטראַכט אַלץ, וואָס ביי אייך איז פאַראַן אין שטוב, דיינע ביכער, העפטן, און זאָג: קאָן אַ מענטש לעבן אויף דער וועלט אָן מענטשן, וואָס אַרבעטן?

— ניין, זיידע! — האָט אויסגערופן קאַפּל און זיך אויפגעכאַפּט פון שלאָף.



# אין דער וואַרשעווער געטאָ

ס'איז אומעטיק אין הויז. די פֿענצטער זיינען פֿאַרהאַנגען מיט אַלטע ווינטער-מאַנטלען, אַז קיין שיין זאָל זיך ניט דורכרייסן דורך זיי. די שוועסטער גרייט צום טיש. זי לייגט אויס די גאָפּלען, מעסער, לעפֿל. פֿון אויבן אָן שטעלט זי אַוועק אַ גרויסן טעלער מיט מצות, פֿאַרדעקט מיט אַ שיין אויסגענייט טיכל.

דער זיידע שטייט אין אַ ווינקל, מורמלט עפּעס מיט די ליפּן, שאָקלט זיך און לאָזט אַלעמאָל אַרויס אַ טיפֿן זיפֿץ, וואָס גיט אַ ריס אין האַרצן. יעדע ווײַלע כאַפּט ער אַ קוק צו דער טיר, ווי ער וואָלט עמעצן דערוואַרט.

די מאַמע קומט אַלע ווייל אַריין פֿון קיך מיט אַן אַנדער טעלער, וואָס פֿאַרשמעקט דאָס הויז מיט אַ געשמאַקן ריח.

קיינער רעדט ניט. עפּעס ווי אַלע וואָלטן געווען ברוגז איינער מיטן אַנדערן.

דער צען-יאָריקער ישראל האַלט אַן אַלטע הגדה אין האַנט. ער קוקט אויף די בילדער. אָט איז דער פּאַלאַץ פֿון שלעכטן קעניג פּרעה. ער זיצט אויף אַ הויכן טראָן. משה און זיין ברודער אהרן שטייען פֿאַר אים און בעטן, אַז ער זאָל באַפֿרייען די יידן.

די הגדה איז אַן אַלטע, די בילדער זיינען אָפּגעריבן, די בלעטלעך זיינען צריסן. אין הויז איז טונקל. די דייטשן האָבן אָפּגעשניטן די עלעקטריע. די צוויי ליכט אין די מעשענע לייכטער וואַרפֿן אַ טונקעלן שיין. עס שניידן ישראלן די אויגן פֿון קוקן אין דער הגדה.

ער הויבט אויף די אויגן — די ווענט זיינען באַדעקט מיט שאָטנס. אומעטיקע שאָטנס. דעם זיידנס שאָטן, אויף דער וואַנט, איז אַזוי גרויס, אַז זיין קאָפּ איז אַזש אויף דער סטעליע, און ער זעט אויס ווי ער וואָלט אַרונטערגעהאַנגען פֿון זיידנס אַקסלען.

אַלע אין הויז טראָגן אָרעם-בענדער אויף די הענט. געלע בענדער מיט שוואַרצע מגן-דודס. אויך ער, ישראל, טראָגט אַ מגן-דוד. ער דערמאָנט זיך: איין מאָל האָט אים די מאַמע געשיקט קויפֿן ברויט און ער האָט פֿאַרגעסן צוצושפּילען דעם אָרעם-באַנד, האָט אים אַ דייטש, אַ נאַצי, אָנגעכאַפּט ביים אָרעם און גענומען שרייען:



— פֿאַרפּלוכטער יודע, שמוציקער שוויין, וואו איז דיין אָרעם־באַנד?

און דער נאַצי האָט זיך מיט זיין שווערן באַנאָגלטן שוך אַוועק־געשטעלט אויף ישראלס באָרוועסן פוס און געדריקט און געדריקט, ביז ישראל האָט אַוועקגעחלשט פון ווייטיק.

ישראל האָט געקוקט אין דער הגדה, אויפֿן בילד ווי משה שפּאַלט דעם ים מיט זיין וואונדער־שטעקן און פירט אַרויס די יידן פון מצרים.

ישראל האָט אַ טיפֿן זיפֿץ געטאָן, ווי אַן אַלטער מענטש, ווי זיין זיידע.

— אַך, ווען וועט קומען אַ משה און צעשפּאַלטן די וואַנט פון געטאָ, וואו אַלע יידן זיינען פאַרשפּאַרט, ווי משה האָט געשפּאָלטן דעם ים, און באַפרייען די יידן, וואָס די דייטשן האַלטן פאַרשקלאַפט!

דער זיידע האָט מיט אַמאָל אויסגעדרייט דאָס פּנים פון ווינקל:

— נו, מען טאָר ניט טרויערן. ס'איז היינט יום־טוב, פּסח אויף דער וועלט, מיר דאַרפן היינט פּראַווען דעם ערשטן סדר. קומט צום טיש.

די מאַמע איז אַריין פון קיך. אויסגעווישט די טרערן פון די אויגן און שטיל געזאָגט:

— אַ שיינער סדר, טאַטע זיסער! דער טאַטע ערגעץ אין אַ שקלאַפן־לאַגער ביי די מערדערישע דייטשן, און דער זון ליגט ערגעץ פאַרשטעקט אין אַ לאָך, אונטער דער ערד, ווי אַ מויז, און קיינער ווייסט אַפילו ניט וואו זיין געביין איז.

דער זיידע האָט אַ זיפֿץ געטאָן און געזאָגט:

— נו, גאָט וועט אונדז ניט פאַרלאָזן. היטלער מיט זיינע מערדער

וועלן באַקומען זייער שטראָף. אַ וועלט וועט ניט שווייגן. פּרעה האָט געקראָגן זיין סוף, המנען האָט מען אויפגעהאָנגען — היטלער וועט אויך האָבן אַ סוף.

— אָבער פון וואַנען וועט קומען די הילף? — האָט מיט אַמאָל זיך אָפּגערופן ישראלס שוועסטער. זי האָט נאָך עפּעס געוואָלט זאָגן, נאָר זי האָט זיך פּלוצים צעוויינט און אַנטלאָפן אין קיך אַריין.

— מען טאָר ניט וויינען, קינדער, מען טאָר ניט פאַרשטערן דעם יום־טוב — האָט דער זיידע געזאָגט מיט אַ געבראָכענער שטים. — ניט נאָר מיר, די וואַרשעווער יידן, זיינען פאַרשפּאַרט אין געטאָ. אין אַנדערע שטעט זיינען אויך דאָ געטאָס — אָבער מיר יידן האָבן שוין אַמאָל געלעבט אין געטאָס און געטראָגן געלע לאַטעס, אָבער מיר זיינען באַפרייט געוואָרן. מיר וועלן אויך דאָס מאָל באַפרייט ווערן. דאָס יידישע פאָלק וועט לעבן.

דער זיידע האָט זיך אויסגעגלייכט:

— נו, קומט, מיר וועלן פּראַווען דעם סדר.

שטיל האָבן זיך אַלע געזעצט צום טיש.

מיט אַמאָל האָט זיך די טיר געעפנט און ברוך, ישראלס ברודער, מיט צוויי חברים זיינען אַריין אין הויז.

— ס'הויבט זיך אָן! — האָט ברוך אויסגעשריען אָן אָטעם. — היינט, דעם ערשטן סדר, דערציילן יידן ווי זיי האָבן זיך באַפרייט פון פּרעהן. מיט יאָרן שפּעטער וועט מען ביים סדר דערציילן ווי יידן האָבן זיך באַפרייט פון וואַרשעווער געטאָ.

אַלע זיינען געבליבן זיצן מיט אויפבליצנדיקע אויגן און אָפענע מיילער.

— די דייטשן וועלן היינט קומען אַוועקנעמען אַלע יידן, וועלכע זיינען לעבן געבליבן, און זיי אומברענגען. האָבן מיר זיך צוגעגרייט. מיר האָבן אַריינגעשמוגלט געווער און ווען זיי וועלן קומען, וועלן מיר זיי באַגעגענען מיט אונדזערע קוילן — האָט ברוך געזאָגט און אָנגעוויזן אויף אַ לאַנגן פּעקל, וואָס זיינע חברים האָבן אַוועקגעלייגט אויפן דיל — אָט דאָ איז עס.

דער זיידע האָט זיך אויפגעהויבן פון טיש, איז צוגעגאַנגען צום פּעקל און גענומען אַ ביקס:

— מיר וועלן נקמה נעמען פאַרן פאַרגאָסענעם בלוט.

דערנאָך איז צוגעגאַנגען ישראלס שוועסטער און גענומען אַ ביקס און דערנאָך די מאַמע.

— דו אויך, מאַמע? — האָט די שוועסטער געפרעגט פאַר־וואונדערט.

— יאָ, איך בין אויך אַ ייד. יעדער ייד דאַרף נקמה נעמען פון די מערדער.

ישראל האָט זיך אַ לאָז געטאָן:

— איך אויך.

— ניין, — האָט די מאַמע געזאָגט, — דו, ישראל, ביסט נאָך צו קליין.

— אָבער — האָט זיך ישראל געבעטן — מיך האָבן אויך די נאַצים געשלאָגן.

— גערעכט — האָט דער ברודער געזאָגט. — דו, ישראל, קענסט אויך העלפן, אָבער ניט מיט דער ביקס. דו וועסט ברענגען וואַסער. די נאַצים האָבן איבערגעשניטן די וואַסער־רערן. דו וועסט ברענגען אַמוניצע און שפּייז.

אַ ווײַלע איז געוואָרן שטיל. מיט אַמאָל האָט זיך דערהערט אַ שאָס.

— עס האָט זיך אָנגעהויבן — האָט דער ברודער געזאָגט — מען דאַרף גיין.

אַלע האָבן אַ נעם געטאָן דאָס געווער און זיך אַרויסגעלאָזט אין דער נאַכט צו קעמפן קעגן די נאַצים.



# אינהאַלט

# צו די לערער

אין משך פון די לעצטע 7 - 8 יאָר איז פאָרגעקומען אַ גרויסע ענדערונג אין צוזאַמענשטעל פון שילער־עלעמענט אין די יידישע קינדער־שולן. פריער זיינען די שילער געווען פון עמיגראַנטן־עלטערן, און אויב די קינדער האָבן אַפילו ניט געקענט רעדן קיין יידיש, האָבן זיי דאָך פאַרשטאַנען מער־ווייניקער די שפּראַך און געקענט אַרויסרעדן עטלעכע ווערטער, ווייל אין דערהיים האָט זיך נאָך געהערט אַ יידיש וואָרט.

איצט זיינען די קינדער פון אַמעריקאַנער־געבוירענע עלטערן און די יידישע שפּראַך איז זיי אינגאַנצן פרעמד.

אָט דאָס האָבן מיר אינזינען געהאַט ביים צוזאַמענשטעלן דאָס צווייטע בוך, און מיר האָבן זיך באַמיט צו שאַפן אַ בוך, וואָס זאָל זיין לייכט, שפּילעוודיק און צוגענגלעך פאַר קינדער, וועלכע האָבן זיך ערשט אָנגעהויבן באַקענען מיט דער יידישער שפּראַך, מיט די נייע קלאַנגען, נייעם ריטם און נייע באַגריפן.

מיר האָבן זיך אויך באַמיט צו פאַרגאַנצן דאָס בוך מיט שפּראַך־איבונגען, גראַמאַטישע אַרבעטן, אַזוי אויך מיט געשיכטע און יידישע יום־טובים. כדי צו מאַכן די גראַמאַטישע אַרבעטן מער אָנציענדיק פאַר די קינדער, — און כדי צו באַרייכערן די שפּראַך פון קינד, האָבן מיר ספּעציעל, פאַר דעם בוך, געשאַפן אייניקע טיפּן, און געשריבן ספּעציעלע מעשהלעך, דורך וועלכע דאָס קינד באַקענט זיך אויף אַ שפּאַסיקן אופן מיט די נעמען פון שפּייזן, הויז־זאַכן, געשיר א.אַ.וו. אויף דעם זעלביקן שפּליוועדיקן שטייגער ווערן אויך געגעבן אַנטאָנימען - סינאָנימען א.אַ.וו.

מיר וועלן מיט צופרידנקייט זיך צוהערן צו אָנווייזונגען פון די לערער, כדי צו מאַכן פאַרבעסערונגען אין דער צווייטער אויפלאַגע.

אַ האַרציקן דאַנק מיין חבר א. גאָלדבערג, קולטור־ און שול־דירעקטאָר פון אָרדן, פאַר זיינע באַמערקונגען און אָנווייזונגען.

משה שיפּריס.